# מיין בוך

## לערנבוך פאַרן צווייטן יאָר

•

צוזאַמענגעשטעלט פון

**בעצאַלעל פרידמאַן**

•

פ אַ ר ל אַ ג
אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער אָרדן
80 — 5טע עוועניו, ניו יאָרק.
1939



# צום נייעם שול־יאָר

עס איז שוין דער זומער,
דער הייסער אַוועק.
עס זיינען געבליבן
נאָך עטלעכע טעג.

נעמט, כעוורע, גיכער
די ביכער אַרויס,
די העפטן, די בלייער,
דער זומער איז אויס.

געשפּילט זיך, געלאָפן,
געאַרבעט, גערוט.
איצט לאָמיר זיך לערנען,
לערנען זיך גוט!

# אַן אַ נאָמען

ליגט אַ ביכל אין שול אויף אַ בענקל איינס אַליין, ווי אין מיטן גאַס אַ שטיין. גייט צו מענדי, גיט אַ שמעק מיט דער נאָז, כאַפּט אַ קוק אין ביכל אַריין ראַוז.

אַ ביכל אָן אַ נאָמען, אַ ביכל אָן אַ קינד. וואַלגערט זיך דאָס ביכל, ווי אַ בלעטל אויפן ווינט.

ווען דאָס ביכל קאָן רעדן, ווען דאָס ביכל קאָן זאָגן, וואָלט עס שוין געהאַט אויף וועמען זיך צו באַקלאָגן.

דאָס ביכל וואָלט אַזוי געזאָגט:

איך האָב אַזויפיל מייסעס, אַזויפיל שיינע לידער פאַר די קליינע שוועסטער מיט די קליינע ברידער. שרייבער האָבן מיך געשריבן, זעצער געזעצט, דערנאָך אין אַ מאַשין מיך געדרוקט. און שפּעטער האָבן איינבינדער מיך געבונדן און פאַרנייט. איך בין אַרוים שיין און גלאַט, און ווער ס׳האָט מיך געזען, האָט פאַרגעניגן געהאַט. דערנאָך איז אַ טאַטע געקומען און מיך אין זיינע גוטע הענט גענומען:

— אַ מאַטאָנע פאַר מיין זון פרעדן, ער זאָל זיך לערנען לייענען, שרייבן און רעדן.

פרעד האָט געזאָגט דעם טאַטן אַ דאַנק און האָט זיך געפרייט מיט מיר זייער לאַנג.

נאָר איינמאָל האָט פרעד אין דער שול מיך פאַרגעסן. הונגעריק איז ער געווען און גלייך נאָכן לערנען געלאָפן עסן. וואָלט ער אויף מיר זיין נאָמען אויפגעשריבן, וואָלט איך דאָ אַפילע קיין שאָ ניט געבליבן. אַ קינד וואָלט אויף מיר געגעבן אַ קוק און אַ טראַכט און גלייך צו פרעדן מיך געבראַכט.

— פרעד, פרעד, טראַכט עס איבער, ווען דו וועסט ליגן אין בעט!

שפּריכוואָרט: זאָג מיר ווער דיין כאַווער איז, וועל איך וויסן ווער דו ביסט.

# אַוועק איז דער זומער

אַוועק איז דער זומער,
די טעג ווערן קילער,
איך גיי אין מיין שול,
זיך לערנען און שפּילן.

וואָס מאַכסטו, מיין ביכל,
מיין שאַרפינקער בלייער?
איר ווערט מיר שוין ווידער
נאָענט און טייער.

גערוט האָב איך זומער
און גרייט בין איך ווידער
לערנען זיך מייסעס
און פריילעכע לידער.

מעג רעגענען, שנייען
און קאַלט זיין אין גאַס —
שטיין וועט ניט ליידיק
מיין בענקל אין קלאַס.

שרייב זאַצן מיט:





# פרעד קומט שפּעט

אַלע קינדער זיינען שוין געזעסן אין קלאַס. דער לערער האָט אויסגערופן די נעמען:

— סילוויע?

— דאָ!

— גיטל?

— פאַראַן!

— נעאָמי?

— דאָ!

און אַזוי קעסיידער.

געפעלט האָט פרעד. שוין עטלעכע מאָל, אַז ער קומט אין שול שפּעט.

— ווייסט איר וואָס, קינדער? מיר וועלן שרייבן אַלע צוזאַמען איין קאָמפּאָזיציע, וואָס וועט הייסן:

## פרעד קומט שפּעט.

די קינדער זיינען געווען צופרידן. זיי האָבן גענומען די העפטן און בלייער און זיינען געווען גרייט צו שרייבן.

סאָרע גייט צום ברעט און שרייבט:

אַלע זיצן שוין אין קלאַס. דער לערער רופט אויס די קינדער ביי די נעמען.

פון אַלע זייטן הערן זיך ענטפערס: דאָ! פאַראַן!

ווען דער לערער רופט אויס: פרעד — ענטפערט קיינער ניט!

— נעאָמי וועט שרייבן ווייטער — זאָגט דער לערער.

שרייבט נעאָמי:

וואָס דען, ער וועט ענטפערן? אַז ער איז גאָר אין קענדי-סטאָר. ער שטייט און קייט „גאָם”. ער וויל ניט אַריינגיין אין קלאַס, ווייל דער לערער וועט אים הייסן אויסשפּייען דעם „גאָם”.

— גיטל, גיי צום ברעט.

טראַכט שוין גיטל ניט לאַנג און שרייבט:

**שטייט ער און קייט און קייט. ווען איך בין לעבן פרעדן, וואָלט איך אים געבעטן:**

**— פרעד, שפּיי אויס, אָדער שלינג אַראָפּ. וויפיל איז דער שיר צו קייען?**

דער קלאַס האָט זיך צעלאַכט.

אין מיטן לאַכן איז אַריינגעקומען פרעד. ער האָט ניט געוואוסט פון וואָס מען לאַכט. נאָר דאָ האָט ער דערזען אויף דעם ברעט:

## פ ר ע ד  ק ו מ ט  ש פּ ע ט.



ער האָט זיך זייער פאַרשעמט און געזאָגט:

— כ׳וועל שוין מער נישט קומען שפּעט.

| |
|---|
| **שפּריכוואָרט: ס׳נעמט אים אַ יאָר מיט אַ מיטוואָך.** |

# ווער זיינען זיי?

(אַ רעטעניש)

זיבן ברידער אין אַ ראָד,
יעדער ברודער אַ נאָמען האָט.

אַלע ברידער פון איין גרויס —
איינער אַריין, דער צווייטער אַרויס.

לויפן זיך די ברידער נאָך
יעדע וואָך, יעדע וואָך.

זיבן ברידער — גוטע פריינט,
איינער — נעכטן, איינער — היינט.

איינער קומט מיט זון,
אַ צווייטער — מיטן רעגן.

יעדער ברודער ביי דיין בעט
עפנט דיר די אויגן.

כאָטש די ברידער זיינען
אַלע פון איין מאַמען,

קומען זיי נישט קיין מאָל
מיט אַ מאָל צוזאַמען.

יעדער איינער איז אַלט
אַ טאָג מיט אַ נאַכט —

זיכער וועט איר טרעפן,
גיט נאָר שנעל אַ טראַכט.

די ברידער זיינען:

1. ______
2. ______
3. ______
4. ______
5. ______
6. ______
7. ______

# סענדער און בענדער

סענדער און בענדער זיינען אַמאָל געגאַנגען שפּאַצירן.

רופט זיך אָפּ סענדער:

— אַ מאָדנע זאַך די זון! זומער, ווען עס איז אַזוי היים, ברענט די זון און בראָט; ווינטער, ווען עס איז אַזוי קאַלט, און מען דאַרף נייטיק האָבן דער זונס וואַרעמקייט, וואַרעמט זי גאָר ניט.

זאָגט בענדער:

איך זאָג עס שוין לאַנג. ביי טאָג, ווען עס איז ליכטיק, דעמאָלט שיינט זי. בּאַנאַכט, ווען עס איז פינצטער, נעמט די זון און באַהאַלט זיך...

***

סענדער איז אַמאָל געשלאָפן ביי בענדערן, האָט מען אים געגעבן אַ קישן. זאָגט ער, אַז אויף אַ קישן שלאָפט ער ניט, ווייל ס'איז האַרט.

פרעגט אים בענדער:

— פאַר וואָס מיינסטו, אַז אויף אַ קישן איז האַרט צו שלאָפן?

ענטפערט סענדער:

— איך בין אַמאָל איינגעשלאָפן אויף אַ שטול. ווען איך בין אויפגעשטאַנען, האָבן מיר ווי געטאָן אַלע ביינער, אַזוי האַרט איז מיר געווען. איך טו אַ קוק: אַ פעדער ליגט ביי מיר אונטער דער זייט. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז פון דער פעדער איז מיר אַזוי האַרט געווען. איז, אַז איין פעדער איז אַזוי האַרט, וואָס וועט שוין זיין, אַז איך וועל שלאָפן אויף אַ קישן מיט אַ סאַך פעדערן?

זאָגט בענדער:

— איצט פאַרשטיי איך שוין.

# יעדע זאַך האָט אַ שפּראַך

יעדע זאַך
האָט אַ שפּראַך.
אַלע זאַכן רעדן,
ס'איז אַ לאָשן דאָ ביי יעדן.

אָט מע עפנט אויף די טיר,
טוט זי באַלד אַ סקריפּ אויף דיר:
„ריפּעט, ריפּעט, כ'האַלט ניט אויס,
ריין אַרויס!... ריין אַרויס..."

אָט, מע זעצט זיך אויפן בענקל,
טוט דאָס בענקל זיך אַ קווענקל,
„גיי דיר, גיי.
גיי, ניט דריי!...
גיי שוין, גיי."

נאָר פון אַלע רעדן שנעלער:
לעפל, מעסערס, שיסלען, טעלער.
מיט אַ ליאַרעם, מיט אַ פרייד,
זיינען אָנגעשטאָפּט מיט רייד!

## ווערטל:

זי וויל דאָס.  פון 

# אויף רעדלעך



רעדלעך, רעדלעך רעדעלעך,
אויף יעדן פוס צו פיר,
אויף די וועגן גלאַטינקע,
געפלאַסטערט בלויז פאַר מיר.

דאָס ערשטע רעדל — רידל - ראַ,
דאָס צווייטע — רידל - רוים ;
דאָס דריטע רעדלט רידל - רי,
דאָס פערטע הערט מען קוים.

נאָר פלוצלונג — אוי, אַ וויטיק מיר !
אַ טראַך אין דר'ערד אַריין.
עס שפריצן, בליצן שטערנדלעך,
און איך — איך זע קיין שיין.

עס שוויגן מיינע רעדעלעך,
פאַרשטומט איז רידל - רוים ;
און איך, דער גרויסער העלד אַליין —
איך ליג און ריר זיך קוים.

# עדי איז קראַנק

שוין צוויי טעג, אַז עדי איז קראַנק. דערוואוסט האָט מען זיך אַזוי:

דער לערער רופט אוים איין טאָג עדים נאָמען. עדי איז נישטאָ. נו, קאָן זיך טרעפן, אַז אַ קינד זאָל אַמאָל ניט קאָנען קומען אין שול. אויף מאָרגן איז עדי אָבער אויך ניט געווען אין שול.

— קינדער — פרעגט דער לערער — ווער ווייסט, פאַרוואָס עדי איז שוין צוויי טעג ניט געקומען אין שול?

— ער איז קראַנק — האָט מאָרטן געענטפערט דעם לערער.

בעני האָט אויפגעהויבן זיין האַנט:

— לאָמיר שרייבן אַ בריוו עדין, אַז דער קלאַס וויל ער זאָל גיך געזונט ווערן.

— גוט! — האָבן אַלע קינדער איינגעשטימט.

דער לערער רופט בענין צום ברעט:

— הויב אָן דעם בריוו.



טראַכט בעני אַ וויַל, גיט אַ שמייכל און שרייבט:

**טייערער עדי,**
**מאַרטן האָט דערציילט אין קלאַס, אַז דו ביסט קראַנק.**

בעני בלייבט שטיין. ער פאַרטראַכט זיך ווידער. די קינדער מאָנען שוין:

— נו, ווייטער.

גיט זיך בעני מיט אַ מאָל אַ כאַפּ און שרייבט ווייטער:

**דאָס איז נישט גוט. מיר ווילן, דו זאָלסט זיין געזונט.**

— סיידי וועט שרייבן ווייטער — האָט אים דער לערער אָפּגעשטעלט.

סיידי טראַכט ניט לאַנג:

**אַלע קינדער ווינטשן דיר, אַז דו זאָלסט שנעל געזונט ווערן.**

זי גיט אַ שמייכל און שרייבט ווייטער:

**מיט דיר איז פריילעכער אין קלאַס.**

— דאָס אַלץ! — זאָגט סיידי און שרייבט נאָך צו:

**מיט שול גרוס,**

**אַלע קינדער פון קלאַס 2.**

אַרטור האָט געשריבן שענער פון אַלעמען, האָט מען זיין בריוול אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און עס אָוועקגעשיקט.

ש פּ ר י כ וו אָ ר ט :

| |
|---|
| **איינער פאַר אַלע,**<br>**אַלע פאַר איינעם.** |

# מיין גאָרטן

אין מיין גאָרטן וואַקסןביימער,
ביימער אָן אַ שיר.
אויף די ביימער וואַקסן פּרוכטן,
ווינקען שטיל צו מיר.

— ווילסטו, יינגל, קאַרשן שוואַרצע ?
שנעל אַרוים אַהער !
— ווילסטו, יאַטל, עפּל רויטע ?
שנעלער, נו, ניט קלער !

זיסע באַרן, קאַרשן ווייניק,
פּרוכטן אָן אַ שיר,
רופן, בעטן מיך פון צימער,
ווינקען שטיל צו מיר.

אויפגעפּראַלט איז שוין דאָס פענצטער —
האָפּליאַ — איך בין דאָ !
שמייכלען שטיל צו מיר די ביימער :
— נאַשער, ביסט שוין דאָ ? !

שרייב זאַצן מיט :






# צו אַן עראָפּלאַן



עראָפּלאַן, עראָפּלאַן,
פון דער הויך !
קום אַראָפּ
און נעם מיך אויך.

נעם מיך אויך
אויף פליגלען ברייט.
פליען בין איך
שטענדיק גרייט.

שטענדיק גרייט
צו פליען הויך —
עראָפּלאַן, עראָפּלאַן !
נעם מיך אויך !

# פ י ש

אַ גאַנצן טאָג געפֿין איך זיך ביים טייך. אָדער איך כאַפּ פיש, אָדער איך באָד זיך. כאַפּן פיש האָב איך זיך אויסגעלערנט פון זיך אַליין. אַז איר ווילט, קאָן איך אייך אויך אויסלערנען. מען טוט אויס דאָס העמד און מען פאַרקניפּט דעם אַרבל און מען גייט פּאַוואָליע ביזן האַלדז אין וואַסער. מען דאַרף גיין לאַנג-לאַנג. אַז איר פילט, אַז דאָס העמד איז שווער, איז אַ סימען, אַז ס׳איז פול. גייט איר אַרויס וואָס גיכער און טרייסלט אויס דאָס גאַנצע גראָז מיט דער בלאָטע און קוקט זיך גוט צו.

קיין פיש זאָלט איר נישט זוכן. אַמאָל איז געווען פיש אויך, היינט איז נישטאָ. איך יאָג זיך ניט נאָך קיין פיש. איך בין צופרידן, עס זאָל כאָטש זיין פּיאַווקעס. ניט אַלע מאָל איז דאָ פּיאַווקעס. היינטיקן זומער איז ניט געווען קיין איין פּיאַווקע.

פון וואַנען האָט זיך דערוואוסט מיין ברודער עליע, אַז איך כאַפּ פיש — ווייס איך ניט. ער האָט מיר שיר ניט אָפּגעריסן אַן אויער פאַר די פיש. אַ גליק, וואָס פּעסי, אונדזער שכיינע, האָט דערזען. אַן אייגענע מאַמע דאַרף זיך אַזוי ניט איינשטעלן פאַר איר קינד.

— אַזוי שלאָגט מען אַ קינד?

מיין ברודער עליע האָט זיך פאַרשעמט און האָט מיר אָפּגעלאָזט דאָס אויער.

# דער שפּערלינג

אַמאָל, אַמאָל האָט געלעבט אַ קליינער שפּערלינג, וועלכן מ׳האָט גערופן פּודיק. ער האָט געוואוינט אין אַ קליינער נעסט איבערן פענצטער פון אַ הויז.

ער האָט נאָך נישט געקאָנט פליען. ער האָט אָבער געקאָנט פלאַטערן מיט די פליגלען און פלעגט אַרויסקריכן פון זיין נעסט.

— טשירפּ, טשירפּ! דו וועסט אַרויספאַלן! — האָט די מוטער שפּערלינג זיך אַלעמאָל געזאָרגט.

איין מאָל האָט אַ שטאַרקערווינט אָנגעהויבן צו בלאָזן. פּודיק איז געזעסן ביים ברעג פון נעסט און איז אַרויס-געפאַלן. די מוטער שפּערלינג איז נאָך אים נאָכגעפלויגן. אַ געלע קאַץ מיט גרינע אויגן איז אָבער באַלד געווען אויפן פלאַץ. פּודיק האָט זיך דערשראָקן. ער האָט צעשפּרייט זיינע פליגלען און אָנגעהויבן צו טשירפּען. די מוטער שפּערלינג איז געווען זייער בראַוו. זי איז צוגעפלויגן צו דער קאַץ און האָט געוואָלט מיט איר גרעלן שנאָבל אויס-פּיקן דער קאַץ די אויגן. פּודיק האָט צעשפּרייט זיינע פליגל. איינס, צוויי, דריי און ער איז אַרויפגעפלויגן אויף דער ראַם פון דעם פענצטער.

די מוטער שפּערלינג איז צוגעפלויגן צו איר קליינינקן. זי האָט אים געגלעט איבערן קאָפּ.

— טשירפּ, טשירפּ! — האָט זי פריילעך געזאָגט.

די קאַץ איז געזעסן אויף דער ערד און געקוקט אויף די פייגל.

— אַזאַ געשמאַקער שפּערלינג! אַ שאָד, וואָס איך האָב אים נישט געכאַפּט.

אַזוי האָט זיך אַלץ גוט געענדיקט. נאָר אַ שאָד, וואָס די מוטער שפּערלינג האָט פאַרלאָרן איר עק אין קאַמף מיט דער קאַץ.



# דער שיפער

ס׳האָט דער רעגן אויפגעהערט,
דער הימל איז שוין אויסגעקלערט.
נאָר די דעכער זיינען נאַס,
רינען טייכעלעך אין גאַס.

כ׳האָב מיין שיפעלע געפונען,
אויפן וואַסער עס געלאָזט,
און עס קומט דער ווינט און בלאָזט,
יאָגט מיין שיפעלע געשווינט
אויף די פליגל פונעם ווינט!

# רעטעניש

שיט זיך אַרבעס נאַסער
איבער דאַך און גאַסן.
קיינער וועט אים נישט קלייבן,
און דאָך וועט ער נישט בלייבן.

# דאָוויד

## 1. דער זומער איז אַוועק

שוין, דער זומער איז ניטאָ. ערגעץ זיך אַוועקגעגאַנגען. איז געקומען דער האַרבסט. איז געוואָרן קאַלט. זיינען אַלע קינדער פון קעמפּ געוואָרן זייער טרויעריק.

איין מאָל, מיטוואָך, רופן זיך אָן די לערער צו די קינדער: „איר ווייסט, מאָרגן וועלן קומען צו פאָרן אַ סאַך אָטאָמאָבילן און וועלן אונדז אַלע אַהיים נעמען אין שטאָט אַריין.״

באַלד זיינען די קינדער געלאָפן צום וועלדל, זיך אָפּגעשטעלט דאָרטן און געזאָגט:

— וועלדל, וועלדל, זיי געזונט. מיר פאָרן מאָרגן אין שטאָט אַריין.

זיינען די קינדער געלאָפן צום טייכל, זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— טייכל, שיפלעך, זייט געזונט. מיר פאָרן מאָרגן אין שטאָט אַריין.

דערנאָכדעם זיינען אַלע קינדער אַרויפגעלאָפן אויפן באַרג, האָבן זיי דערזען די פעלדער אַרום און אַרום, האָבן זיי געזאָגט:

— פעלדער, פעלדער, זייט געזונט. מיר פאָרן מאָרגן אין שטאָט אַריין.

דערנאָכדעם זיינען אַלע קינדער געלאָפן אין די ביידלעך אַריין און האָבן זיך געלייגט שלאָפן.

דאָוויד האָט אָבער ניט געקאָנט אַנטשלאָפֿן ווערן. ער איז געווען זייער טרויעריק.

אַז ס'איז געקומען דער זומער, האָט אים זיין טאַטע געשיקט אין קעמפּ אַריין. איז דאָווידן געווען אַזוי פריילעך:



אַזוי פיל קינדערלעך אין קעמפּ, אַזאַ שיין וועלדל, אַזאַ וואויל טייכל. און פּלוצלונג אין מיטן דרינען נעמט דער זומער און גייט זיך גאָר אַוועק. וויל דאָוויד ניט פאָרן צוריק אין שטאָט אַריין. ער וויל בעסער בלייבן אין קעמפּ. וואָס-זשע טוט מען? טראַכט דאָוויד און טראַכט,

ביז ער איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן: פּאַרטאָג, ווען אַלע זיינען נאָך געשלאָפן, האָט זיך דאָוויד שטילינקערהייט אַרויסגעגאַנוועט פוןביידל, אַוועק אין וועלדל און זיך געזעצט אונטער אַ בוים. זיצט ער...

דערווייל זיינען צוגעפאָרן אַ סאַך אָטאָמאָבילן. אַלע קינדער מיט די לערער האָבן זיך אַריינגעזעצט. דערנאָכדעם האָבן אַלע אָטאָמאָבילן געגעבן אַ פייף: טרו־טו־טו, און פאַרטיק...

דער קעמפּ איז געבליבן ליידיק. אַוועקגעפאָרן אַלע, און קיינער האָט אַפילע ניט געוואוסט, אַז דאָוויד האָט זיך באַהאַלטן אין וועלדל.

### 3. דאָוויד איז אַליין אין קעמפּ

גייט ער איבערן וועלדל און זינגט זיך, ביז ער קומט צום טייכל. זעט דאָוויד, ווי ביים ברעג שטייט אַ שיפל און הוידעט זיך. רופט ער זיך אָן:

— אַ נו, שיפעלע דו מיינס, גיב זיך נאָר אַ ריר, און גיב זיך אַ שיף גיך, געשווינט.

האָט ס׳שיפל זיך אַ ריר געטאָן און האָט זיך געגעבן אַ שיף גיך און געשווינט. שיפט זיך אַזוי דאָוויד איבערן טייכל און זינגט אַלערליי לידלעך.

אַזוי איז זיך דאָוויד געפאָרן אַ גאַנצן טאָג און ס׳איז אים געווען זייער פריילעך. איז אָבער געקומען די נאַכט, איז געוואָרן פינצטער און ס׳איז געוואָרן קאַלט. דאָוויד איז געבליבן זיצן איינער אַליין אין דער פינצטערער נאַכט. אים איז קאַלט געוואָרן, האָט ער שוין געוואָלט שלאָפן

און קיינער איז גאָר ניטאָ. האָט גענומען דאָווידן און זיך צעוויינט.

### 4. דאָוויד באַגעגנט זיך מיט דזשאַנען

דערווייל האָט דער אַלטער דזשאַן, וואָס גייט און הוסט, געהערט ווי עמעצער וויינט. טראַכט ער ביי זיך: ווער קאָן עס וויינען? אַ נו, לאָמיר נאָר צוגיין אַ קוק טאָן. איז דזשאַן צוגעגאַנגען צום טייכל אַזוי שטיל, שטיל און האָט געטראָפן — טרעפט ווער? אָט דעם דאָווידן. רופט זיך אָן דער אַלטער דזשאַן צו אים: איי, דו! פאַרוואָס ביסטו ניט אַוועקגעפאָרן היינט גאַנץ פרי מיט אַלע קינדער אין שטאָט אַריין? זאָגט דאָוויד: איך וויל ניט פאָרן אין שטאָט אַריין, איך וויל בעסער בלייבן דאָ. זאָגט אים דזשאַן: וואָס הייסט, דו ווילסט בלייבן דאָ? אָט וועט באַלד קומען דער ווינטער, עס וועט פאַלן אַ שניי, ס׳טייכל וועט פאַרפרוירן ווערן, ס׳וועלדל וועט זיך לייגן שלאָפן אויף אַ גאַנצן ווינטער און דיר וועט זיין אומעטיק.

רופט זיך אָן דאָוויד: ווייסטו וואָס, אַלטער דזשאַן, אַז דער ווינטער וועט קומען און ס׳וועט פאַלן אַ שניי און ס׳טייכל וועט פאַרפרוירן ווערן און ס׳וועלדל וועט זיך לייגן שלאָפן, וועלן מיר פאַרשליסן די טיר, מיר וועלן איינהייצן דעם אויוון און דו וועסט מיר דערציילן שיינע מייסעלעך.

זאָגט דזשאַן: גוט.

איז געקומען דער ווינטער, האָבן זיי איינגעהייצט דעם אויוון און דער אַלטער דזשאַן האָט דערציילט דאָווידן שיינע מייסעלעך...

# די קראָ און דער פוקס

אויף אַ בוים אַ נאַר אַ קראָ
האַלט אַ שטיקל קעז אין מויל.
ערשט — שאַ, שטיל! אַ גאַסט איז דאָ!
פיקסל קומט אָן שטיל און פויל,
שמעקט, בלייבט שטיין אויף הינטער־פיס,
און ער זאָגט גאָר האָניק־זיס:
— מיין ליב קראָעלע, זינג אַ לידעלע,
זינגסט אַ לידעלע, שפּילט אַ פידעלע.
זינג: טראַ־ראַ און טריי־רי־ראַ!
שרייט די קראָ אויס: קראַ־קראַ־קראַ!
פאַלט פון מויל דער קעז אַרויס.
און דער פוקס — האַם, האַם — און אויס!

ש פּ ר י כ װ אָ ר ט

דער  גלויבט נישט דעם 

# אונדזער אָרדן

ווער איז דער אָרדן ?
דערצייל יעדן איינעם,
דער אָרדן איז טויזנטער
טאַטעם אין איינעם !

ווען ס'ווערט שווער די אַרבעט
און קראַנק ווערן גלידער —
ברענגט הילף דער אָרדן
צו טויזנטער ברידער.

טאַטעם און מאַמעם
און קינדער אַפילע —
ס'איז אָרדן — איין גרויסע
געטרייע פאַמיליע !

עפנט ער שולן
פאַר גרויסע און קינדער,
אַלערליי ראַסן
ווי ברידער פאַרבינדט ער.

ס'איז אָרדן פון טויזנטער
פריינט א פאַרבאַנד —
זאָל לעבן דער אָרדן,
דער שענסטער פון לאַנד !

# ג ע נ י ע

געניע איז אַ קליין פאַרטראַכט מיידעלע. קומט מען מיט איר אויף זומער אַרויס אויפן לאַנד, גייט זי דעם ערשטן טאָג אַרויס פאַר דער טיר, ציט זי אַריין דער וואַלד, וואָס באַלד ביים הויז.

אין וואַלד האָט זי וואָס צו באַטראַכטן. דאָ דערזעט זי אַ שיין קליין ביימעלע מיט גאָר אַנדערע בלעטלעך, ווי זי האָט געזען אין שטאָט; דאָרט — אַ פייגעלע, וואָס היפּט פון צווייג צו צווייג.

געניע גייט אַהער, שפּרינגט אַהין און — פאַר־בלאָנדזשעט.

הונגעריק געוואָרן, געניע וויל אַהיים — זי ווייסט נישט, רעכטס, צי לינקס, הינטער, צי פאַר איר.

זי ווייס נישט אין וועלכער זייט עס שטייט איר הויז.

שרייט געניע אויס פאַר שרעק:

— וואו בין איך?

מאַכט איר עמעץ נאָך:

— בין איך!

פרעגט זי העכער:

— וואָס זאָגסטו?

ענטפערט מען:

— זאָגסטו!

עמעץ, טראַכט זי, מאַכט פון איר שפּאַס.

— מוז זיין — קלערט זי ווייטער — אַ שלעכטער מענטש.

טרעט זי אָפּ אין אַ זייט און רעכענענדיק, אַז דער שלעכטער מענטש וועט זי שוין נישט הערן, גיט זי אַ געשריי:

— טאַטע !

ענטפערט מען :

— טע - ע !

שרייט זי שוין נאָך העכער :

— מאַמע !

ענטפערט מען :

— מע - ע !

ער גייט אַפּאַנעם נאָך, דער שלעכטער מענטש. ניין, זי וועט פון אים אַנטלויפן, ווייט-ווייט. לייכטע פיסלעך האָט זי, דעריאָגן וועט זי קיינער נישט . . .

לויפט זי און לויפט און שטעלט זיך אָפּ, הויך און שווער אָטעמענדיק, און פּרוּווט נאָכאַמאָל רופן :

— טאַטע ! מאַמע !

געשעט דאָס זעלבע.

דער בייזער מענטש קרימט איר נאָך :

— טע - ע ! מע - ע !

לויפט זי, לויפט זי ווידער, ביז זי פאַלט און צעוויינט זיך אין דער שטיל. הויך וויינען האָט זי מוירע, דער שלעכטער מענטש זאָל נישט הערן . . . וויינט זי שטיל, שטיל און וויינט אַזוי לאַנג אין דער שטיל, ביז זי שלאָפט איין . . .

אויפגעוועקט האָבן זי טאַטע-מאַמע, וואָס האָבן זי געזוכט אין וואַלד און נישט ווייט פון הויז געפונען.

# פיר צייטן פון יאָר



## האַרבסט

ווען די בלעטער פאַלן
פון דיביימער —
רויט ווי קופּער,
געל ווי גאָלד —
ווייסן דעמאָלט קליינע קינדער,
אַז דער האַרבסט איז אויף דער וועלט.



## ווינטער

ווען עס פאַלט אַ שניי
אין דרויסן —
זילבער־פעדערלעך,
פּוכקע, ווייס —
ווייסן דעמאָלט קליינע קינדער,
אַז דער ווינטער איז אויף דער וועלט.



## פרילינג

ווען די ביימער
נעמען בליען,
פעלדער גרינען,
פייגל זינגען —
ווייסן דעמאָלט קליינע קינדער,
אַז דער פרילינג איז אויף דער וועלט.



## זומער

ווען די זון נעמט בריען
און בראָטן —
קינדער פאָרן אויפן לאַנד —
ווייסן דעמאָלט קליינע קינדער
אַז דער זומער איז אויף דער וועלט.

# די גאַנדז אויף איין פוס

אַמאָל איז אַ קינד געזעסן מיט זיין פאָטער ביים מיטיק. מען האָט דערלאַנגט גענדזן-פלייש מיט די פיסלעך פון דער גאַנדז.

דערווייל האָט זיך דער פאָטער פאַרקוקט. האָט דאָס קינד גענומען אַ פיסל און עס אויפגעגעסן.

דער פאָטער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען, אַז ס'איז דאָ נאָר איין פיסל. פרעגט ער דאָס קינד:

— דו האָסט אויפגעגעסן אַ פיסל?

— ניין, טאַטע — ענטפערט דאָס קינד — די גאַנדז האָט געהאַט נאָר איין פוס.

— סטייטש — זאָגט דער פאָטער — וואו האָסטו געזען אַ גאַנדז מיט איין פוס?

— קום צום טייך — זאָגט דאָס קינד — וועל איך דיר ווייזן אַ סאַך גענדז, וואָס האָבן נאָר צו איין פוס.

נאָכן עסן איז דער פאָטער געגאַנגען מיטן קינד צום טייך, און דאָס קינד האָט געוויזן דעם פאָטער, ווי אַ גאַנדז איז געשטאַנען אויף איין פוס. דער אַנדערער פוס אירער האָט זיך ניט אַרויסגעזען.

— זעסטו, טאַטע, אָט איז אַ גאַנדז מיט איין פוס.

— האָסט אַ טעות — האָט דער פאָטער געזאָגט און אַ יאָג געטאָן די גאַנדז. די גאַנדז האָט אַראָפּגעלאָזן דעם אַנדערן פוס.

— ע — זאָגט דאָס קינד — האָסט דאָך די גאַנדז מיט דער האַנט אַ יאָג געטאָן. ווען דו וואָלסט ביים טיש אויך אַ יאָג געטאָן מיט דער האַנט, וואָלט ביי יענער גאַנדז אויך געוואָרן צוויי פיסלעך.



# דער זיידע לייענט דאָס בלאַט

אַז דער זיידע לייענט דאָס בלאַט,
זיצט די באָבע און הערט זיך צו.
זי שטעלט די אויערן אָן און גאַפט:
— טאַקע, אַזוי . . . נו־נו־נו!

הייסט עס, אַז מען שלאָגט זיך ווידער,
אַ מילכאָמע . . . איי־איי־איי!
ברידער שלאָגן זיך מיט ברידער —
וואו זשע איז דאָס? אין טערקיי?

האַ? — אין אַפריקע, אין וייטן,
אַ לאַנד אַזאַ — אַ־בי־סי־ניע —
אַך, דערלעבט זיך גוטע צייטן,
און אַלץ אַ־דער — מוסאָליני? . . .

אַזוי, אַזוי, אַ פאַשיסט?
יאָ, איך פאַרשטיי: אַזאַ באַנדיט . . .
האַרגעט מענטשן אומזיסט, אומנישט
און פאַרגיסט טייכן בלוט!

— נו, די וועלט? זי שווייגט און שוין,
ס׳הויבט איר גאָרנישט אָן צו אַרן?
מען וואָלט באַדאַרפט אַזאַ פאַרשוין
אין דער טפיסע גאָר פאַרשפאַרן!

# דער העלד

ס׳איז געווען אַ קאַלטער שנייאיקער ווינטער. ווען ס׳איז געקומען דער פרילינג, האָט דער שניי אָנגעהויבן צעגיין. צום אומגליק זיינען נאָך צוגעקומען רעגנדיקע וועטערן. די טייכן האָבן זיך מיטאַמאָל געעפנט און ס׳איז געוואָרן אַ געוויסער.

אין איין שטאָט האָט דאָס וואַסער פאַרגאָסן אַלע הייזער, וואָס זיינען געשטאַנען ביים ברעג טייך. די קריעס אייז האָבן געקלאַפּט אין די הייזלעך און געבראָכן די ווענטלעך. אַלע מענטשן האָבן זיך געראַטעוועט אין צייט. מער נישט, אין איין קליינעם שטיבל איז געבליבן אַ מאַמע מיט צוויי קליינע קינדער. זי האָט גענומען די קינדער אויף די הענט, אַרויסגעבויגן זיך דורך דעם פענצטער און געשריען פון שרעק.

דאָס האָבן געזען מענטשן, וואָס זיינען געשטאַנען אויף יענער זייט טייך. העלפן אָבער האָט מען נישט געקאָנט. ס׳איז אַפּילע געווען אַ שיפל, נאָר ווי זאָל מען שווימען צווישן אַזעלכע קריעס? מען קאָן נאָך אַליין דערטרונקען ווערן.

מיט אַ מאָל איז פון דעם אוילעם אַרויס אַן אומבאַקאַנטער מענטש, אָרעם געקליידט, און האָט געזאָגט:

— איך וועל זיי ראַטעווען!

ער איז אַריין אין שיפל און זיך געלאָזן צום שטיבל. אַלע זיינען שטיל געוואָרן און האָבן געקוקט, ווי דער מענטש האָט זיך דורכגעשטופּט מיטן שיפל צווישן די שטיקער אייז. באַלד האָט ער דערגרייכט ביזן שטיבל.

אַ געשריי פון פרייד האָט זיך ביי אַלעמען אַרויסגעריסן, ווען דער בראַווער אומבאַקאַנטער האָט אַריינגעזעצט אין שיפל די מאַמע מיט אירע צוויי קינדער.

— אָט אַ העלד! — האָבן אַלע זיך געוואונדערט.

דער אומבאַקאַנטער איז אָנגעקומען צום ברעג, האָט אַרויסגעזעצט די פרוי מיט די קינדער און איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

# דער רעטעך

הערט זיך איין: אַמאָל, ניט איצט,
האָט דער זיידעשי פאַרזעצט
רעטעך ביי זיין הויז.
גייט אַוועק אַ ביסל צייט,
ווערט פון רעטעכל אַ לייט,
וואַקסט... אַזוי די גרויס!

פון דער פרייד גאָר אויסער זיך,
קומט דער זיידעשי אויף גיך,
שלעפּט אַהין און שלעפּט אַהער...
דאָך אומזיסט! עס גייט צו שווער.
רופט דער זיידעשי גאַנץ הויך:
„באָבע, העלף מיר אויך!"



רייסן איצט שוין צוויי.
דאָך אומזיסט — אוי, וויי!
שרייט די באָבעשי גאַנץ הויך:
„מירקע-איינִיקל, קום אויך!"



שלעפֿן אַלע דריי:
ווידעשי דעם רעטעך ציט,
באָבעשי שלעפּטביידן מיט,
מירקעניו דערביי;
היידאַ... איינס און צוויי...
שלעפּ אַהין און שלעפּ אַהער —
ניין, עס גייט נאָך אַלץ צו שווער;
אַלץ אומזיסט — אוי, וויי!

רופֿט דאַן מירקעניו דעם הונט;
פֿייל פֿון בויגן גלייך ער קומט.
שלעפֿן אַלע פֿיר:
ווידעשי דעם רעטעך ציט,
באָבעשי שלעפּט ביידן מיט,
מירקע הינטער איר,
ס׳הינטעלע פֿאַר מירקעס קלייד
כאַפּט זיך אָן און שלעפּט מיט פֿרייד.
היידאַ... איינס און צוויי...
שלעפּ אַהין און שלעפּ אַהער —
ניין, עס גייט נאָך אַלץ צו שווער,
אַלץ אומזיסט — אוי, וויי!...
רופֿט דער הונט די קיזי־קאַץ.



קיזי קומט און העלפֿט מיט היץ —
פֿינף שוין האָבן מיר:
ווידעשי דעם רעטעך ציט,
באָבעשי שלעפּט ביידן מיט,

מירקע הינטער איר,
ס׳הינטעלע פאַר מירקעס קלייד,
קיזעלע שלעפּט אויך מיט פרייד,
הײדאַ... איינס און צוויי...
שלעפּ אַהין און שלעפּ אַהער —
נײַן, עס גייט נאָך אַלץ צו שווער,
אַלץ אומזיסט... אוי, וויי!...

רופט דאַן קיזעלע די מויז:
„קום, שאַרפציינדעלע, אַרויס!" —
זעקס שוין האָבן מיר:
זיידעשי דעם רעטעך ציט,
באָבעשי שלעפּט ביידן מיט,
מירקע הינטער איר,
ס׳הינטעלע פאַר מירקעס קלייד,
קיזעלע שלעפּט אויך מיט פרייד,
גאָר צולעצט די מויז.
שלעפּט אַהין און שלעפּט אַהער...
גיט דער רעטעך זיך אַ קער,
פּוץ — און שפּרינגט אַרויס!



זיידע, באָבע, מירקע אויך
פאַלן אום און לאַכן הויך:
כאַ, כאַ, כאַ, כאַ!
ס׳הינטל העלפט צו: האַו-האַו-האַו!
קיזי מיאַוקעט: מיאַו-מיאַו-מיאַו!
ס׳מייזעלע... אַהאַ!
טראַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ...

# האַרבסט



עס איז דער האַרבסט געקומען,
עס וועלקן בוים און בלום.
געלע בלעטער, זע איך,
וואַלגערן זיך אום.

עס קומט אַ ווינט, אַ קאַלטער,
פּייפט אַ לידל צו,
און די געלע בלעטער
האָבן ניט קיין רו.

# מיט מענטשן אָדער אָן מענטשן

אַמאָל איז געווען אַ יינגל, האָט מען אים גערופן קאָפּל. ער האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ אַ געדאַנק, אַז אָן מענטשן איז בעסער ווי מיט מענטשן.

ליגט ער זיך איין מאָל שלאָפן און טראַכט:

ווי גוט וואָלט געווען, ווען ער זאָל זיין איינער אַליין אויף דער גאַנצער וועלט.

דערווייל איז ער איינגעשלאָפן.

כאָלעמט זיך אים, אַז ער איז אין וואַלד איינער אַליין. אַ ווינטל בלאָזט, אַ רעגן קאַפּעט, און ער איז הויל און נאַקעט. ציטערט ער פאַר קעלט און וויינט.

באַווייזט זיך אַן אַלטער מאַן און זאָגט:

— קאָפּעלע, וואָס וויינסטו? האָסט דאָך געוואָלט זיין אַליין — ביסטו אַליין.

— יאָ — זאָגט קאָפּל — אָבער וואו זיינען מיינע קליידער? מיין קישן און מיין קאָלדרע?



— קליידער, מיין קינד, פאַלן ניט פון הימל און וואַקסן ניט אין וואַלד. קליידער נייען שניידער פון שטאָף. דעם שטאָף האָבן אַרבעטער געמאַכט פון וואָל אָדער פון לייַן. אויף דעם האָבן מענטשן געאַרבעט אין פעלד.

— גוט — רייסט איבער קאָפּל — איצט פאַרשטיי איך שוין, אַז אַן מענטשן וואָלט איך קיין קליידער ניט געהאַט. גיט מיר מיינע קליידער, ס׳איז מיר קאַלט.

דער אַלטער האָט געבראַכט קאָפּלען די קליידער. קאָפּל האָט זיך אָנגעטאָן. אים איז וואַרעם געוואָרן און ער האָט זיך צעלאַכט:

— איצט וועל איך זיך שוין באַגיין אָן מענטשן.

— און עסן? — פרעגט דער אַלטער.

— כ׳וועל שיסן פויגלען און עסן — רופט זיך אָן קאָפּל.

— מיט וואָס וועסטו שיסן? מיט אַ בעזעם?

— כ׳וועל נעמען ביים ברודער אַ ביקס און שיסן.

— און וואו האָט דיין ברודער גענומען די ביקס? די ביקס האָבן אַרבעטער געמאַכט פון האָלץ און אייזן.

קאָפּלען האָט זיך דערווייל פאַרוואָלט עסן, נאָר זאָגן דעם אַלטן שעמט ער זיך. דער אַלטער וועט ווידער זאָגן, אַז אָן מענטשן קאָן מען קיין עסן אויך ניט האָבן.

דער אַלטער קוקט קאָפּלען אין די אויגן און פרעגט:

— אַז דו שטייסט אויף פון שלאָף, וואָס טוסטו דעמאָלט?

— וואָס זאָל איך טאָן? איך וואַש זיך איין.

— און וואו נעמסטו וואַסער?

— פון אַ קראַן.

— און ווער האָט עס געמאַכט ? באַטראַכט אַלץ, וואָס בײַ אײַך איז פֿאַראַן אין שטוב, דײַנע ביכער, העפֿטן, און זאָג : קאָן אַ מענטש לעבן אויף דער וועלט אָן מענטשן ?

— ניין, זיידע ! — האָט אויסגערופֿן קאָפּל און זיך אויפֿגעכאַפּט.

ער קוקט און זעט, אַז ער איז אין בעט, ניט אין וואַלד. פֿון גרויס פֿרייד איז ער אַראָפּ פֿון בעט און אויסגערופֿן :

— זאָלן לעבן די מענטשן, וואָס אַרבעטן !



# דאָס הינטל טאָמי

איין פרימאָרגן איז אין די קעטסקיל בערג לעבן האָדסאָן געקומען אַ יעגער פון אַלאַסקאַ באַזוכן זיינע פריינט. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ שיינעם ווייס-געלן שניי-הונט, וואָס האָט געהייסן פרעדי.

פרעדי האָט געבוירן אַכט הינטלעך. אַלע האָבן אויס-געקוקט ווי זייער מאַמע פרעדי.

פרעדי האָט קיין מאָל אין איר לעבן ניט געזען קיין אַטאָמאָביל. זי איז אַמאָל אַרויס אַ קוק טאָן אויף דער נייער היים. און פּלוצלונג קומט אַזאַ גרויסער מאָנסטער מיט רויך און מיט אַ שאַרפן האָרן, וואָס קוויטשעט אַזוי אין די אויערן.

פרעדי האָט זיך אַ לאָז געטאָן הינטער דעם שוואַרצן אַטאָמאָביל און — אויס אָרעמע פרעדי!

די הינטעלעך זיינען געבליבן אָן אַ מאַמע. איך האָב די אַכט הינטעלעך גענומען צו זיך אַהיים.

ווען מיר האָבן געמוזט צוריקפאָרן אין שטאָט, קיין ניו יאָרק, האָבן מיר זיבן הינטלעך פאַרטיילט צווישן פריינט. איינס אָבער, טאָמין, האָבן מיר געהאַלטן פאַר זיך.

מיר האָבן טאָמין געלערנט: „זיץ רואיק", „שווייג", „לייג זיך אַוועק", און אַנדערע זאַכן, און טאָמי איז געוואָרן אַ גוטער, קלוגער און געטרייער הונט.

ווען ער איז אַלט געווען דריי פערטל יאָר, זיינען מיר ווידער געקומען אין די בערג.

איין פרימאָרגן, ווען די זון האָט שטאַרק געברענט, בין איך געלעגן הויך אויף אַ בערגל. טאָמי איז געזעסן לעבן מיר.

פּלוצלונג האָבן זיך זיינע האָר אויפגעשטעלט. ער איז אויפגעשפּרונגען, האָט אָנגעהויבן בילן און האָט זיין מאָרדע אַ לאָז געטאָן צו דער ערד לעבן אַ גרויסן שטיין. איך האָב זיך אויך אַ הויב געטאָן.

איך האָב דערזען אַ געל-שוואַרצע שלאַנג, וואָס האָט

איר אָפּן מויל געצילט צו טאָמין. און ער האָט איר גאַנץ קונציק געגעבן קלעפּ מיט דער פּאָדערשטער לאַפּע אין קאָפּ. נאָך יעדן קלאַפּ איז ער געשפּרונגען אויף צוריק.

אונטן האָט געאַרבעט אַ פּאַרמער. איך האָב צו אים געשריען:

— אַ שלאַנג!

דער פּאַרמער מיט זיין זון זיינען אָנגעלאָפן. דער פּאַרמער האָט געטראָגן אַ ביקס. זיי האָבן טאָמין אַוועקגענומען אין אַ זייט, דער זון האָט אים צוגעהאַלטן און דער פּאַרמער האָט דערשאָסן די שלאַנג. טאָמי האָט זיך געריסן צו איר, אָבער מ׳האָט אים געהאַלטן. די שלאַנג איז שוין געווען טויט, נאָר איר עק האָט זיך נאָך אַלץ געוואָרפן.

טאָמי האָט געראַטעוועט מיין לעבן. ער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן. איך האָב אים דערפאַר נאָך מער ליב געקראָגן.



# יונגע בויער

מיר זיינען יונגע בויער,
בויען מיר אַ הויז;
איינער ברענגט דאָס ליים,
אַ צווייטער קנעט דאָס אוים.

אַ דריטער לייגט די ציגל,
וואַקסן הויך די ווענט.
איז אַ פרייד צו קוקן,
ווי די אַרבעט ברענט.

אַ פרייד איז יעדע ציגל,
יעדער נייער שטיין,
יעדער טראָפּן שוויים
פאַר אונדזער נייער היים.

ווערט דאָס גאַנצע הויז
באַשטראַלט פון זון און שיין.
איז אַ פרייד אַזאַ
אַ בויער צו זיין.



# די מאַלפּע און די ברילן

אַ מאַלפּע איז געוואָרן אַלט. אירע אויגן זיינען געוואָרן שוואַך. האָבן מענטשן איר געזאָגט, אַז אויב מען טוט אָן ברילן, זעט מען בעסער.

איז די מאַלפּע געגאַנגען אין קראָם און האָט געקויפט אַ גאַנצן טוץ — דאָס הייסט צוועלף פּאָר ברילן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און האָט איין פּאָר אָנגעמאָסטן אויף די פיס, איין פּאָר אויף דער פּלייצע, איין פּאָר אויפן עק און אויף אַלע אַנדערע טיילן פון קערפּער, נאָר ניט אויף די אויגן. אָבער די ברילן האָבן ניט געהאָלפן.

איז די מאַלפּע בייז געוואָרן און האָט אַ וואָרף געטאָן די ברילן אויף אַ שטיין און זיי צעבראָכן אויף פּיצלעך. און די מאַלפּע האָט געזאָגט:

— די מענטשן זיינען גרויסע ליגנער. זיי זאָגן, אַז די ברילן העלפן, אָבער איצט זע איך, אַז זיי טויגן צו גאָרניט.

# סענדער און בענדער

סענדער און בענדער זיינען געגאַנגען אין גאַס. עס האָט אָנגעהויבן גיסן אַ רעגן.

זאָגט סענדער:

— עפן אויף דיין שירעם. עס רעגנט.

זאָגט בענדער:

— עס וועט ניט העלפן. מיין שירעם איז פול מיט לעכער.

פרעגט סענדער:

— צו וואָס האָסטו אים גענומען?

ענטפערט בענדער:

— איך האָב געמיינט, אַז עס וועט ניט זיין קיין רעגן.

# די סאָבוויי

אונטער דער ערד,
שנעל ווי אַ פייל,
יאָגט זיך די סאָבוויי
דורך פינצטערע מייל.

לאַנג דער טונעל
און פינצטער — אַ שרעק!
נאָר סאָבוויי וועט טרעפן
דעם ריכטיקן וועג.

לעמפלעך, ווי שטערן,
רויט, געל און גרין,
ווייזן די וועגן
אַהער און אַהין.

אין צימערל קליינעם
פון ערשטן וואַגאָן
זיצט מאַשיניסט
און די סאָבוויי פירט אָן.

זיכער — זיין האַנט,
שאַרף איז זיין בליק —
ער פירט צו דער אַרבעט
און פירט אָפּ צוריק.



# צוויי כאַכאָמים

אײנער האָט אַמאָל אָנגעטאָן שיך ניט צו דער פּאָר:
אײנעם מיט אַ גראָבער, דעם צווייטן מיט אַ דינער זויל...

גייענדיק, איז אים איין פוס געווען העכער, דער צווייטער — נידעריקער.

דער פאַרשוין האָט זיך שטאַרק געוואונדערט:

— פון וואַנען נעמט זיך עס, וואָס איך האָב היינט איין פוס אַ קירצערן און אײנעם אַ לענגערן? מיסטאָמע איז דער וועג ניט גלאַטיק.

פאַרבייגייער האָבן אים געזאָגט, אַז זיינע שיך זיינען ניט צו דער פּאָר. האָט ער גלייך געשיקט אַ דינער נאָך די ריכטיקע שיך.

דער דינער איז געקומען מיט ליידיקן.

— וואו זיינען די שיך? — האָט געפרעגט דער האַר.

— ניט נויטיק די שיך צו בייטן — האָט דער דינער געענטפערט — די צוויי שיך אין דער היים זיינען אויך ניט צו דער פּאָר: אײנער מיט אַ דינער זויל, דער צווייטער — מיט אַ גראָבער...

# דער פוקס און די טרויבן

אין סאָד פאַרקריכט אַמאָל
אַ הונגעריקער פוקס.
ער זעט, עס הענגען אויבן
שטענגלעך טרויבן.
דאָס פּיקסל אָבער — קליין אין וואוקס.
ער פּרואווט זיך צוקריגן
צו די צווייגן דאָ צי דאָ.
דאָס אייגל זעט, אין מויל נישטאָ
געדרייט זיך אַ מאָל צוואַנציק
גייט ער אַוועק און זאָגט:
— נו, מיילע,
מען מיינט, די טרויבן
זיינען וואוילע,
נאָר איך געפין:
זיי זיינען אַלע גרין
און האַרט ווי שטיינער;
פאַרזוכסטו זיי,
פאַרדאַרבסטו באַלד די ציינער.

# צוויי רעטענישן

ס׳קייקלט זיך אַ פעסעלע
אין אַ שמאָל געסעלע
און ווערט ניט צעבראָכן.

אַן אויג

אויף אַ רויט שנירעלע
הענגט ווייסע גרעט.

די ציין

# און וואו בין איך?

## א

מענאַשע האָט געהאַט אַ קורצן זיקאָרן. אין דער פרי, נאָכן אויפשטיין, האָט ער אָנגעהויבן זוכן זיינע קליידער. ער האָט ניט געדענקט, וואו ער האָט זיי נעכטן אַוועק־געלייגט. האָט זיי אים די מאַמע געפונען.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעטאָן, האָט ער אָנגעהויבן זוכן זיינע ביכער און העפטן. ער האָט געזוכט און געזוכט און ניט געפונען.

— אוי, וויי! — האָט מענאַשע געוויינט און געשריען — ווער האָט גענומען מיינע ביכער? ווער האָט גענומען מיינע העפטן?

— קורצער זיקאָרן! — האָט אים זיין שוועסטער גע־זאָגט — דו האָסט זיי דאָך אַליין אויפן פענצטער אַוועק־געלייגט.

זוכנדיק און וויינענדיק האָט מענאַשע דערווייל פאַר־שפּעטיקט אין שול, און דער לערער האָט זיך אויף אים דערפאַר געבייזערט.

און אַזוי פלעגט מענאַשע זייער אָפט פאַרשפּעטיקן אין שול.

## ב

איינמאָל האָט זיך מענאַשע דערטראַכט וואָס צו טאָן, ער זאָל ניט פאַרשפּעטיקן. ער האָט גענומען אַ שטיקל פּאַפּיר און האָט פאַרשריבן:

מײנע קלײדער זײנען אױפן שטול. די
שיך - אונטערן שטול. די העפטן -
אין בוך. די ביכער - אין רענצל.
דאָס רענצל - אױפן טיש. דער טיש איז
אין קאַבינעט, און איך בין אין בעט.

און דאָס צעטל האָט ער אונטערגעלייגט אונטערן קישן.

ווען ער האָט זיך אויף מאָרגן אויפגעכאַפּט, איז ער פלינק אַראָפּגעשפרונגען פון בעטל, האָט אַרויסגענומען דאָס צעטל און גענומען קוקן, צי אַלץ איז אויפן אָרט: די קליידער אויפן שטול — פאַראַן; דאָס רענצל אויפן טיש — פאַראַן; די ביכער אין רענצל — פאַראַן; די העפטן אין בוך — פאַראַן; די שיך אונטערן שטול — פאַראַן; דער טיש אין קאַבינעט — פאַראַן. און איך אין בעט?

מענאַשע האָט אויפגעהויבן די קאָלדרע, געטאַפּט, געזוכט און האָט דאָרט קיינעם ניט געפונען.

ער איז געשטאַנען פאַרוואונדערט און האָט געפרעגט:

„און וואו בין איך?"



# ער וויל ניט שלאָפן



איך קען אַ קליין יינגעלע,
וואָס וויל ניט גיין שלאָפן.
איז הערט, וואָס עס האָט
מיט דעם יינגעלע געטראָפן:

יעדן אויף דער נאַכט,
ווי זיין מאַמע בעט זיין בעטל,
גיט ער איר טערוצים
גאָר אַ גרויסן צעטל:

— מאַ, איך וויל ניט שלאָפן,
איך וועל שלאָפן שפּעטער;
איך וועל וואַרטן אויף דער מומען,
איך וועל וואַרטן אויפן פעטער.

דער זייגער שלאָגט שוין ניין,
צען און עלף און צוועלף.
עס שלאָפן שוין אַוואַדע
אין וואַלד אַלע וועלף.

ביי דעם יינגלס בעטל
וואַרט דער שלאָף און וואַרט,
ביז דער שלאָף האָט זיך אַליין
אויפן בעטל אָנגעשפּאַרט.

# ווען עסט די מאַמע?

לייבעלע ווייס ניט, ווי אַזוי דער געדאַנק איז צו אים געקומען. נאָר איין מאָל גיט ער זיך אַ כאַפּ:

— וואָס איז דאָס? ער זעט קיינמאָל נישט, אַז די מאַמע זאָל עסן...

ניין! מיסטאָמע איז ער אַ נאַר, מען וועט פון אים לאַכן... וואָס הייסט זי עסט ניט! פאַרוואָס זאָל זי עפּעס ניט עסן?... ער מוז זען, ווען עסט זי...

און לייבעלע באַשליסט, אַז ער וועט פון היינט אָן אָנהויבן היטן די מאַמען.

ער מוז זי זען אַמאָל עסן...

— מאַמע — רופט זיך אָן לייבעלע.

— וואָס איז?

— דו האָסט שוין געגעסן?...

— פאַר וואָס פרעגסטו עס? — וואונדערט זיך די מאַמע.

— איך . . . וויל . . . איך האָב קיינמאָל ניט געזען . . .

די מאַמע ווערט גערירט, זי גלעט אים און ענטפערט מיט אַ שמייכעלע:

— נאַרעלע, איך האָב שוין געגעסן... איך עס, ווען קיינער זעט ניט...

לייבעלע ווערט אויפגעלעבט... הייסט עס, זי עסט יאָ, נאָר דעמאָלט, ווען קיינער זעט ניט...

און ער באַשליסט, אַז ער מוז זען, ווי זיין מאַמע, וואָס קאָכט און באַקט און זעט אַלעמען צו, ווי אַזוי זי עסט אַליין אַמאָל...

דעם זעלביקן אָוונט האָט זיך לייבעלע געלייגט שלאָפן פריער ווי אַלעמאָל. געזאָגט האָט ער, אַז דער קאָפּ טוט אים וויי, אָבער אויסן איז ער געווען אויפכאַפּן זיך אין דער פרי און פון בעט אַרויס זען, וואָס די מאַמע טוט...

די גאַנצע נאַכט איז ער געשלאָפן אומרואיק. אַלע שעה האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און געהיט דער מאַמעס בעט. ער האָט דערזען, ווי די מאַמע וועקט זיך, שטעלט זיך אויף, קוקט אַרויס אין פענצטער און קריכט אַרויס פון בעט.

זי גייט צו צו זיין בעט... ער דערשרעקט זיך און מאַכט צו פעסט די אויגן, זי זאָל ניט זען, אַז ער שלאָפט ניט.

די מאַמע דעקט אים בעסער צו און מורמלט שטיל: „שלאָף, מיין זון, קאַלט!"

לייבעלע פאָלגט נאָך מיט די אויגן יעדע באַוועגונג פון דער מאַמען.

אָט נעמט זי הייצן דעם אויוון. זי גיט אַ הוסט און נאָך דעם קומט אַ שווערער לאַנגער זיפץ...

זי שטעלט צו עסן.

נאָר אָט כאַפּט זיך שוין אויף דער טאַטע. ער טוט זיך באַלד אָן און וואַשט זיך.

אָט איז שוין דער טאַטע אויך פאַרטיק. די מאַמע רופט אים:

— קום עסן, דער אָנבייסן וועט קאַליע ווערן.

לייבעלען, פון ניט שלאָפן רואיק די נאַכט, באַפאַלט ענדלעך אַ מידקייט. ער באַשליסט בלויז איין מאָל צומאַכן די אויגן... אָבער ער ווערט אַנטשלאָפן.

אַז ער הייבט זיך אויף, איז שטאַרק שפּעט. די מאַמע רופט אים שוין צו:

— שטיי אויף, לייבעלע, ס'איז שוין שפּעט.

— אוי! — גיט ער זיך אַ כאַפּ און קוקט אָן זיין מאַמען, ווי זי שטייט ביים אויוון און קאָכט אָנבייסן.

ער האָט פאַרשפּעטיקט — ניט איינגעהיט...

ער טוט זיך שנעל אָן און נעמט ניט אַראָפּ קיין אויג פון דער מאַמען:

עפּשער האָט זי געגעסן אָט דעמאָלט, ווען איך בין איינגעשלאָפן. און דער געדאַנק פּלאָגט אים נאָך שטאַרקער:

— ווען עסט די מאַמע?

„איך עס, ווען קיינער זעט ניט!" — קלינגט אים דער מאַמעס ענטפער.

אָבער זי האָט דערביי עפּעס מאָדנע געשמייכלט... דער דאָזיקער שמייכל שוועבט אים פאַר די אויגן און שרעקט אים. עס איז עפּעס ניט גלאַט...

— ו ו ע ן  ע ס ט  ד י  מ א מ ע?

# מאָטקע פרייליד

מאָטקע האָט זיך אַמאָל באַרימט:

— אַ מאַן האָט געוואָלט געבן טויזנט טאָלער, ער זאָל מיך זען.

האָט מען זיך זייער געוואונדערט.

זאָגט מאָטקע:

— וואָס איז דאָ דער וואונדער? דער מאַן איז געווען אַ בלינדער.

***

מאָטקע האָט אַמאָל געגעסן פיש אין אַ רעסטאָראַן. ער האָט דערשמעקט, אַז דער פיש איז ניט פריש. נעמט מאָטקע און לייגט צו אַן אויער צו דעם פיש.

פרעגט אים דער באַלעבאָס:

— וואָס טוט איר עס?

ענטפערט מאָטקע:

— ס׳איז אַזאַ מייסע: מיינער אַ פריינט האָט זיך אַמאָל דערטרונקען אין טייך. וויל איך בעטן ביי דעם פיש אַ גרוס פון מיין פריינט.

פרעגן די מענטשן:

— נו, וואָס זאָגט ער?

ענטפערט מאָטקע:

— ער זאָגט, אַז ער איז שוין צו לאַנג פון וואַסער, ווייס ער ניט.

שרייב זאַצן מיט:






# שטעך, נעדעלע!

שטעך, שטעך, נעדעלע,
דריי זיך, דריי זיך, רעדעלע,
נאָך אַ דריי און נאָך אַ שטאָך,
נאָך אַ לאַטע אויף אַ לאָך.

נאָך אַ שטאָך און נאָך אַ דריי,
נייי און ניי, און ווידער ניי
שוואַרצן סאַמעט, ווייסן זייד,
און דאָך בלייבסטו אָן אַ קלייד.

גיט אַ טראַכט דאָס נעדעלע
און רופט זיך אָפּ צום רעדעלע,
צו דעם אייזן, צו דער שער:
— שטייט, און ניט געאַרבעט מער!

דרייט זיך ניט דאָס רעדעלע,
נייט שוין ניט דאָס נעדעלע,
ווייל ניט מער די נאָדל נייען,
בלייבן שער און אייזן שטיין!

# צוויי רעטענישן

אַ לאַטע אויף אַ לאַטע,
און אָן אַ נאָט.

אַ קעפּל קרויט

גלאַט ווי סאַמעט,
ווייס ווי שניי,
מען קוקט זיך איין —
זעט מען צוויי.

אַ שפּיגל

# געווען אַמאָל אָרעם און רייך

גערווען אַמאָל אָרעם און רייך,
אָרעמע האָבן געליטן —
האָט מען די רייכע פאַריאָגט,
האָט זיך דאָס לעבן געביטן.

די צייטן פון אָרעם און רייך
האָבן שוין אַלע פאַרגעסן:
געהאַט האָבן רייכע פון אַלין,
אָרעמע — ווייניק צו עסן.

און די וועלכע האָבן געוואָלט
פאַריאָגן די נויט פון די שטיבער,
האָט מען געשמידט און פאַרשפאַרט
אין טורמעס, ווי שטיינערנע גריבער.

גערווען ס'איז גערווען אַמאָל שלעכט,
ווער וויל יענע צייטן דערמאָנען?!
באַפרייט איז שוין היינט דאָס פאָלק,
אויף אייביק פאַרטריבן די סאָנים!

# טייערע קינדער פון בירא־בידזשאַן

אַ טאָג פאַרן יאָנטעוו פון בירא־בידזשאַן האָבן די קינדער פון קלאַס באַשלאָסן צו שרייבן אַ בריוו צו די קינדער פון בירא־בידזשאַן.

באַשלאָסן און געטאָן.

הינדע האָט אָנגעהויבן:

טייערע קינדער פון בירא־בידזשאַן,
מיר, די קינדער פון צווייטן קלאַס,
באַגריסן אייך צו אייער יאָנטעוו.

נאָך איר האָט געשריבן יאַנקל:

מיר פרייען זיך, וואָס אייך איז
אַזוי פריילעך, וואָס אייך איז אַזוי
גוט. אייערע טאַטעס און מאַמעס זיינען
ניט אורבעטלאָז. בײַ אייך איז ניטאָ
קיין פאַשיזם.

דזשעקי קאָן זיך שוין ניט איינהאַלטן. רופט אים דער לערער צום ברעט. שרייבט דזשעקי:

מיר פרייען זיך, וואָס אייערע עלטערן
פאַרשפּאַרט מען ניט אין טורמעס. איר לעבט
פרײַ. איר בויט אייער בירא-בידזשאַן.

— יודזשין! — רופט דער לערער.
גייט יודזשין צום ברעט און שרייבט:

גיט אַ גרוס אַלע קינדער פון בירא-בידזשאַן.

# בין איך מיר אַ שמידער

בין איך מיר אַ שמידער,
שמיד איך שיינע זאַכן,
קאָן איך גלייך דאָס מאַכן,
וואָס איר ווילט און ווען איר ווילט.

ווילט איר, מאַך איך שוין אַ באַן:
דזין—דזין—דזין!
הינטן שטייען די וואַגאָנען,
פאָרנט די מאַשין.

פאַרטיק שוין די גאַנצע באַן —
פו—פו—פ־ו־ו!
פאָרט זי אוים די גאַנצע וועלט,
אין אַ האַלבער שאָ.

# ביראָ־בידזשאַן

יאָגן זיך צוויי טייכן,
ביראָ און בידזשאַן.
צווישן ביידע טייכן —
אַ פריילעך לאַנד פאַראַן.

האָלץ באַזאָרגן וועלדער,
טייכן גיבן פיש,
פעלדער ברויט דערלאַנגען
צו דעם נייעם טיש.

דורך געדיכטע וועלדער
יאָגט מיט פרייד אַ באַן —
נייע יידן קומען
אין לאַנד ביראָ־בידזשאַן.

זון אויף פרישע פעלדער
שטראַלט אויף נייעם דאַך —
ס'האָבן אַזוי יידן
קיינמאָל ניט געלאַכט.

הערן צו די ביימער,
הערט זיך צו די ערד:
— אוי, אַזאַ געלעכטער
נאָך קיינמאָל ניט געהערט.

זאָל געזונט אויף ערד זיין
יעדער נייער שפּאַן.
זינגט די פרייע אַרבעט
אין ביראָ־בידזשאַן.

# וועקט די מאַמע מיך פון בעט

וועקט די מאַמע מיך פון בעט:
— שטיי אויף, מיין קינד, ס'איז שוין שפּעט.

טו זיך אָן, וואַש זיך איין,
ס'איז שוין צייט אין שול צו גיין.

עפן איך די אויגן באַלד:
פינצטער איז אין שטוב און קאַלט.

— מאַמע, מאַמע, ווי מיר שיינט,
איז די זון פאַרשלאָפן היינט . . .

— ניין, מיין קינד, די זון פאַרגייט
און גייט אויך אויף אין צייט.

זי קלאַפּט אין די טירן אָן,
זאָגט אַ העלן מאָרגן אָן.

נאָר ביי אונדז די טיר איז קליין,
קאָן זי נישט אין שטוב אַריין.

— מאַמע, איך וועל וואַקסן גרויס,
בוי איך אויף אַ ליכטיק הויז!

וועלן טירן גרויסע זיין —
אָפן פאַר דער זון און שיין.

# מילכאָמע און שאָלעם

אויף דעם גרויסן יאַריד אין דער כינעזישער הויפּט-שטאָט שטייט כאַנג-פּע דער נאַר און זעט, ווי סאָלדאַטן מיט שווערדן און ביקסן לאָזן זיך אין וועג אַריין.

וואונדערט זיך כאַנג-פּע און פרעגט:

— וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

ענטפערן אים די מענטשן:

— דאָס מאַרשירן די סאָלדאַטן אַוועק אין דער מילכאָמע.

פרעגט כאַנג-פּע ווייטער:

— וואָס טוט מען אין דער מילכאָמע?

זאָגט מען אים:

— אין דער מילכאָמע האַרגעט מען מענטשן, מען פאַרברענט דערפער און שטעט.

שאָקלט כאַנג-פּע מיט זיין קאָפּ און צוויי גרויסע טרערן קייקלען זיך אַראָפּ פון זיינע באַקן, און ער פרעגט:

— פאַרוואָס און צו וואָס טוט מען דאָס אַלץ?

ענטפערן די מענטשן:

— קעדיי צו מאַכן שאָלעם.

שטייט כאַנג-פּע, זיינע אויגן קוקן ווייט-ווייט און ער זאָגט:

— וואָלט ניט געווען לייכטער, מע זאָל מאַכן שאָלעם איידער עס קומט צו מילכאָמע?

# טרעפט, ווער איך בין

כ׳האָב אַ קעפּל און איך קלער ניט,
כ׳האָב אַן אויער און איך הער ניט.
נאָר דערפאַר אַ צינגל שאַרף,
צי מען דאַרף ניט, צי מען דאַרף.

כאָטש כ׳בין שפּיציק ווי אַ שפּיז,
בין איך גוט... אַוואו אַ ריס —
אַ הין, אַהער, אַ טאַנץ, אַ גלאַנץ,
און עס איז דער ריס שוין גאַנץ.

יאָ, איך בין שוין אַזאַ זאַך,
וואו אַ רעקל, וואו אַ זאַך,
וואו אַ לאַטע — באַלד אַ דריי,
וואו אַ לעכל — פלינק אַ ניי.

ווי איר ווילט, אַזוי זיך קלערט,
נאָר אָן מיר — אַ וואָסער ווערט
האָבן אַטלאַס, זייד, סאַטין?
אַנו, טרעפט נאָר, ווער איך בין?

# צו וואָס איז אַ נאָמען?

מען האָט אַמאָל געפרעגט באַ אַ כעלעמער:
— צו וואָס גיט מען יעדן קינד אַ נאָמען?
האָט דער כעלעמער געענטפערט:
— מען זאָל וויסן צי ס׳איז אַ יינגל אָדער אַ מיידל.

# אַרבעטער און פּויער

איך מיט דיר — געטרייע ברידער,
איך ביים האַמער, דו — ביים סערפּ.

איך וועל שמידן דיר אַן אַקער,
דו וועסט אַקערן דאָס פעלד.

ביידע גלייך וועלן מיר שפּאַנען
צו אַ נייער, פרייער וועלט.

שרייב אָן זאַצן מיט :








# ווינטער

פרי האָט זיך געשטעלט דער ווינטער.

פלוצלונג, איידער דער אוילעם האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט פון צאָפן זייט אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלטער ווינט און עס האָט זיך אָנגערוקט אַ בייזע פינצטערע כמאַרע, לויפנדיק פאָרויס מיט אַ שטורעם, אַ פייפן: ציטערט, לעבעדיקע באַשעפענישן. אָט קומט ער, דער קאַלטער פעטער, און וועט אייך אָנרייבן אַ רויטע נאָז...

די פעלדער ליגן זיך באַגראָבן אין דעם ווייסן קיטל פון שניי. דיביימער דאָרט שטייען אָפּגעשמיסענע, נאַקעטע, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. פון פייגל אין וואַלד, בייעלעך איז ניטאָ קיין שפּור. אַלע ווי אויסגעשטאָרבן — אַוועק וואוהין די אויגן טראָגן, און אומעטום איז שאַ שטיל.





# ווינטער

נאָכן זומער קומט דער ווינטער,
קומט דער ווינטער און באַשפּינט ער
שטיבער, באַרג און פּאַרק און פּלויטן
אין אַ שנייאיק ווייסן קלייד.

כעוורע לויפן אויף די גליטשן,
מאַכן קונצן, הילכן, קוויטשען,
און דאָס אייז איז בלוי און ווייך,
ווי דער הימל אין דער הויך.

קינדער אין די גרויסע היטלעך
פליען באַרג אַראָפּ אויף שליטלען
מיט אַ פייף און אַ געשריי,
קוליע, קוליע — און אין שניי

# סאַנטאַ קלאָז האָט געכאַלעשט

עס איז געווען פאַר קריסמעס. מייקס טאַטע האָט ניט געאַרבעט. ער האָט יעדן טאָג געזוכט אַרבעט און ניט געפונען. די קינדער האָבן ניט גענוג געגעסן. דער טאַטע האָט אַזוי געוואָלט אַרבעטן, און די קינדער האָבן אַזוי געוואָלט עסן!

איינמאָל זעט מייקס טאַטע אין צייטונג, אַז מען דאַרף אַ מאַן אין אַ קראָם. עס איז נאָך געווען זייער פרי. אָבער דער טאַטע איז גלייך געלאָפן אין קראָם. ער האָט אַפילו קיין ביסן ברויט ניט געהאַט נאָך אין מויל.

דער באַלעבאָס פרעגט אים:

— ווילסט זיך אָנטאָן ווי סאַנטאַ קלאָז? דאַרפסט גאָרניט טאָן, נאָר שטיין דאָ אין קראָם און שמייכלען צו די מענטשן, וואָס קומען אַריין קויפן. מער ווי אַלץ זאָלסטו שמייכלען צו די קליינע קינדער.

מייקס טאַטע האָט אָנגעטאָן אַ באָרד און רויטע קליידער און איז געבליבן אין קראָם. ער איז געשטאַנען אויף די פיס אַ שאָ, נאָך אַ שאָ און נאָך אַ שאָ. ער איז געוואָרן הונגעריק. ער האָט דאָך נאָך גאָרניט געגעסן.

מיטאַמאָל האָט ער דערפילט, ווי דער קאָפּ דרייט זיך אים, זיינע פיס ווערן שוואַך און זיינע הענט נעמען ציטערן. ער האָט מער ניט געקאָנט איינשטיין און איז געפאַלן אויפן דיל.

די מענטשן פון קראָם זיינען צוגעלאָפן און אים גענומען ראַטעווען.

פון אַלע זייטן האָט זיך געהערט:

— פון הונגער! פון הונגער געכאַלעשט!

— מאַמע — האָט געזאָגט אַ קינד צו דער מוטער — סאַנטאַ קלאָז האָט דאָך אַזויפיל זאַכן פאַר אַלעמען, פאַר־וואָס האָט ער ניט קיין ברויט פאַר זיך?

— אַזויפיל זאַכן, מיין קינד? דאָס איז אַן אַרבעט־לאָזער מענטש. ער האָט זיך אָנגעטאָן פאַר אַ סאַנטאַ קלאָז.

שפּעטער האָט דאָס קינד דערציילט אַלע קינדער אין גאַס, אַז ער אַליין האָט געזען, ווי סאַנטאַ קלאָז האָט געכאַלעשט פון הונגער!



ווערטל:



# ביים פענצטער

איך האָב איין פּאָר שיך,
מיט צען פּאָר לעכער.
זיץ איך ביים פענצטער
און קוק אויף די דעכער.

זע איך אין דרויסן,
אַ שנייִ פאַלט אַרונטער.
אין הויז דאַרף מען קוילן,
באַהייצן דעם ווינטער.

מיין טאַטע זיצט ליידיק,
ער האָט ניט קיין שטעל.
דער לענדלאָרד שרייִט: רענט!
ער שינדט אים די פעל.

איך בין שוין אויסגעוואַקסן,
פון טאַטן באַלד העכער.
איך האָב אַ פּאָר שיך,
וואַקסן דאָרט לעכער.

הונגעריק בין איך,
עס ווילט זיך אַזש וויינען.
נעם איך אַ ביכל,
איז מיר קאַלט צו לייענען.

אין די שמאַטעס די שיך
געטאָן אַ פאַרדריי,
האָב איך אויסגעזוכט אַרבעט
צו שאַרן דעם שניי.

דעם שניי אָפּגעשאַרט,
מיינע שיך האָבן לעכער.
זיץ איך ביים פענצטער
און קוק אויף די דעכער.

## טרעף די ווערטער

1. ש 

4. אַר 

2.  געריק

5.  ק

3.  ר

6. ש 

# אַ מיידעלע, וואָס האָט געראַטעוועט אַ באַן

## 1.

די קליינע פראַניע איז געבאָרן געוואָרן אין אַן אייזנבאַן־שטיבל. איר טאַטע איז געווען אַ וועכטער ביי דער באַן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מיידעלע איז שוין פון קינדוויז אָן געווען געוואוינט צום טומל און צו דער פייפעריי פון די באַנען. זי פלעגט שטענדיק צוקוקן, ווי דער טאַטע אירער פלעגט עטלעכע מאָל אין מעסלעס אַרויסגיין באַגעגענען און באַגלייטן די פאַרבייגייענדיקע באַנען. ביי טאָג פלעגט ער האַלטן אין האַנט אַ פענדל און ביינאַכט — אַן אָנגעצונדענע לאַמטערנע.

און פראַניען איז דאָס באַגעגענען די באַנען זייער געפעלן געוואָרן. ווי נאָר זי פלעגט דערהערן, אַז עס רוישט פון דער ווייטנס דער לאָקאָמאָטיוו, פלעגט זי אַרויסלויפן פון שטיבל און זיך לאָזן אַנטקעגן, ביז צו די סאַמע רעלסן.

דערווייל איז פראַניע אונטערגעוואַקסן, האָט אָנגעהויבן לויפן אין שול און אין דער זעלביקער צייט העלפן דעם טאַטן אין זיין אַרבעט. זי האָט שוין געוואוסט, אַז איידער עס גייט דורך אַ באַן, מוז דער טאַטע אַרומקוקן אַ געוויסע שטרעקע אַרום און אַרום, צי די ליניע איז ניט צעשעדיקט געוואָרן, צי ס'איז שטאַרק גענוג די בריק. און אַז ער פלעגט זען, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן אויף זיין פּאָסטן מיט אַ גרין פענדל אין האַנט.

דאָס גרינע פענדל איז געווען אַ סימען, אַז די ליניע איז ווי עס דאַרף צו זיין און די באַן קאָן זיך לאָזן ווייטער אין וועג אַריין. אויב אָבער דער פאָטער האָט ערגעץ באַמערקט אַ צעשעדיקונג נאָך אַ שטאַרקן שטורעם אָדער שלאַקסרעגן, פלעגט ער אָנהייבן פאָכען מיט אַ רויט פענדל אַהין און אַהער, ביז די באַן פלעגט זיך אָפּשטעלן.

פראַניע האָט זיך צוגעקוקט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די אַלע זאַכן און האָט זיך געפרייט, וואָס זי קאָן שוין ברענגען נוצן דעם פאָטער. זי פלעגט אָפט זאָגן מיט שטאָלץ:

— גיי, טאַטע, דו האָסט דאָך אַנדערע אַרבעט, און די באַן וועל איך שוין באַגעגענען אַליין.

און דאָס מיידעלע איז געווען אַזוי אויפמערקזאַם און פּינקטלעך, אַז מען האָט זיך אויף איר גאַנץ זיכער געקאָנט פאַרלאָזן.

## 2.

מאַכט זיך אָבער איין מאָל, אַז דער פאָטער איז אין אַ שרעקלעכן שטורעם אַרוים באַגעגענען אַ באַן און האָט זיך שטאַרק פאַרקילט. ער האָט באַקומען אַ לונגען־אַנטצינדונג און זיך אַריינגעלייגט אין בעט. די מאַמע איז ניט אָפּגעטראָטן פון אים, און פראַניע האָט שוין געמוזט אַליין אָפּהיטן יעדן צוג.

אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן, איז פראַניע געוואָרן נאָך אַ סך אויפמערקזאַמער.

— גענוג שוין צו וויינען, מאַמע האַרציקע — האָט זי געזאָגט — קאָנסט נאָך אויך קראַנק ווערן.

— אוי, טעכטערל מיינס — האָט די מאַמע טרויעריק געענטפערט — ס'טוט מיר ווי דאָס האַרץ, סיי פאַר אים, וואָס ער איז אַזוי פּלוצלונג געשטאָרבן, און סיי פאַר דעם, וואָס מ'וועט אונדז נאָך פון שטיבל אַרויסטרייבן. אויף אַזאַ אַרבעט מוז מען דאָך האָבן אַ מאַן.

— פאַרוואָס זאָל מען אונדז פון דאַנען אַרויסטרייבן, מאַמע ליבע — האָט געפרעגט פראַניע — איך היט דאָך אָפּ יעדע באַן, און זינט דער טאַטע איז קראַנק געוואָרן, האָב איך דאָך אַפילו קיין איין באַן ניט דורכגעלאָזט.

— פונדעסטוועגן וועט מען אונדז אַרויסטרייבן און נעמען אַ נייעם וועכטער.

אין גיכן איז אָנגעקומען דער אינספּעקטאָר פון דער באַן.

פראַניעס מאַמע איז אים געפֿאַלן צו די פֿ ס און האָט געבעטן, ער זאָל זיי דאָ אויף ווייטער איבערלאָזן.

— שוין אַ כוידעש אַוועק, און ס'האָט זיך גאָרנישט געטראָפֿן פֿאַר דער צייט — האָט זי אַלץ געטיינעט — איך וועל מיט דער טאָכטער מיינער אויפּפּאַסן, און דערווייל וועט אונטערוואַקסן מיין זון און פֿאַר־נעמען דעם טאַטנס אָרט.

דער אינספּעקטאָר האָט ראַכמאָנעס געהאַט אויף דער אָרעמער אַלמאָנע.

— גוט, איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איך קאָן נאָר — האָט ער געזאָגט — נאָר פֿון דעסטוועגן איז זיך זייער שווער צו באַגיין אָן אַ מאַן — וועל איך זיך מאַכן, אַז איך ווייס קלוימערשט ניט, אַז אייער זון איז נאָך אַזאַ קליינער. נאָר איך זאָג אייך פֿאָרויס, אַז אויף זיכער ווייס איך ניט.

אַזוי האָט די אָרעמע פרוי אָנגעהויבן לעבן אין איין שרעק, מען זאָל זי ניט אַרויסטרייבן פֿון איר ווינקעלע, און עס זאָל איר ניט אויסקומען אַוועקשלעפּן זיך איבער די הייזער מיט אירע קינדער.

און פראַניע האָט פֿאַר דער צייט וואונדער געוויזן: צווישן איין באַן און דער אַנדערער פֿלעגט זי לויפֿן אין שול און נאָך דעם שטיין אויף איר פּאָסטן און באַגלייטן די לאַנגע קייט וואַגאָנען, וואָס פֿלעגט זיך אַוועקשלענגלען איבער בערג און וועלדער.

## 3.

מאַכט זיך איין מאָל אַ שרעקלעכער שטורעם. פֿון אין דער פרי אָן האָט געשאָטן אַ שניי, און פֿאַרנאַכט האָבן מוירעדיקע ווינטן אָנגעהויבן פּייפֿן אין די בערג.

פראַניע האָט ערשט ניט לאַנג אַרומגעקוקט די ליניע און איז געזעסן און האָט אָפּגעוואַרט דעם פֿאַרנאַכטיקן צוג.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער קלאַפּ, אַזש דאָס גאַנצע הייזל האָט זיך אַ טרייסל געטאָן.

— וואָס איז דאָס אַזוינס? מ'דאַרף גיין אַ קוק טאָן — האָט פראַניע אַ זאָג געטאָן.

און פראַניע האָט זיך איינגעוויקלט אין איר מאַנטל, גענומען אַ לאַמטערנע און איז אַרויסגעגאַנגען. אין פינף מינוט אַרום איז זי צוריקגעקומען אַ דערשראָקענע.

— אַן אומגליק! די בריק איז איינגעפאַלן! — זי האָט אויף גיך אָנגעצונדן די רויטע לאַמטערנע און האָט אַ כאַפּ געטאָן פון דער וואַנט דעם סיגנאַל־האָרן.

עס האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון אַן אָנקומענדיקער באַן.

— וואָס וועסטו איצט טאָן? — האָט די מאַמע אין שרעק גע־פרעגט — דאָס איז דאָך אַ שנעל־צוג און ער לויפט דורך ווי אַ בליץ.

— איך האָב אָנגעצונדן די רויטע לאַמטערנע.

— אין אַזאַ שטורעם וועט מען זי גאָרניט זען.

— וועל איך בלאָזן אין האָרן.

— מען וועט ניט הערן, ס'וועט דיר ניט קלעקן קיין קויעך.

נאָר פראַניע איז אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן דעם צוג.

אַ קאַלטער ווינט האָט איר געשמיסן אין פּאָנעם אַריין און ניט געלאָזט לויפן. פראַניען אַרט דאָס ניט — זי טראַכט בלויז פון דעם, צי וועט דער מאַשיניסט דערזען איר סיגנאַל.

נאָר אָט האָט זי דערהערט פון דער ווייטנס דעם פייף פון דעם לאָקאָמאָטיוו. איר האַרץ האָט שטאַרק אָנגעהויבן קלאַפּן און איר גאַנצער קערפּער האָט גענומען ציטערן ביי דעם געדאַנק, אַז די גאַנצע באַן מיט אַלע מענטשן קאָן אַריינפאַלן אין טיפן אָפּגרונט.

און אָט איז שוין די באַן... פראַניע פאָכעט מיט דער רויטער לאַמטערנע, בלאָזט מיט אַלע קויכעס אין האָרן, נאָר אַלץ איז אומזיסט. דער צוג לויפט און קומט אַלץ נעענטער און נעענטער.

פראַניע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פאָרויס צו די רעלסן, און אָט איז זי שוין אינגאַנצן עטלעכע טריט פון דעם לאָקאָמאָטיוו.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ קנאַק, און וואָס ווייטער איז געווען, האָט שוין פראַניע ניט געזען און ניט געהערט, ווייל זי האָט געכאַלעשט.

אַז פראַניע איז געקומען צו זיך, האָט זי גלייך דערזען לעבן זיך די באָן.

„הייסט עס, אַז די באָן איז געראַטעוועט” — האָט זי אַ טראַכט געטאָן און פאַר גרויס פרייד אָנגעהויבן וויינען און לאַכן.

די מענטשן זיינען געשטאַנען אַרום איר. דער מאַשיניסט האָט זי אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן אין שטערן און געזאָגט:

— דו האָסט אונדז אַלעמען געראַטעוועט און מיר וועלן דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, דו קליין העלדיש מיידעלע!

# דריי באַלעבאַטים

דריי ברידער האָבן באַקומען אַ ירושה אַן אייזעלע. האָבן זיי צווישן זיך אָפּגערעדט, אַז יעדן טאָג זאָל דאָס אייזעלע אַרבעטן ביי אַן אַנדער ברודער. און יעדער ברודער זאָל אין דעם טאָג, ווען ער וועט מיט דעם אייזעלע אַרבעטן, אים געבן צו עסן.

איז געשען אַזוי:

דער ברודער, וואָס האָט מיט דעם אייזל היינט גע-אַרבעט, האָט ביי זיך געטראַכט: „מיין ברודער האָט דעם אייזעלע נעכטן געגעבן צו עסן... מאָרגן וועט אים דער דריטער ברודער געבן... צו וואָס זשע זאָל איך היינט דאָס אייזעלע פיטערן?”

און אַזוי האָבן אַלע דריי ברידער געטראַכט. ביז דאָס אייזעלע איז געפאַלן פון הונגער...

# אין גע׳עג נאָך אַ מויז

ביי מאָטקע נאָז אין שטיבל
איז פֿאַראַן אַ קליין טיף גריבל.
פֿון גריבל איז אַרויס אַ פּיצעלע מויז.
שטייט מאָטקע-נאָז, קוקט אויפֿן מייזל,
קוקט און טראַכט:
מייזל אַרויס פֿון גריבל,
די טיר איז אָפֿן,
קאָן נאָך מייזל אַנטלויפֿן פֿון שטיבל . . .
האָט ער פֿאַמעלעך די טיר פֿאַרמאַכט
און אַליין, ווי אַ קאַץ,
אַץ - באַץ! —
מיט הענט אויסגעשטרעקט
זיך געלאָזן נאָך דער מויז.
אָפּ - לאָפּ!
זיך איבערגעקערט,
געפֿאַלן,
קאָפּ אין וואַנט געטראָפֿן —
און די מויז
אין גריבל איז אַנטלאָפֿן.

## אַ רעטעניש

ווייס געשפּרייט,
שוואַרץ געזייט,
וואו מען שיקט עס,
דאָרטן גייט עס.



# מיין שליטעלע

דאָס איז געווען אַ קליין שליטעלע, אָבער סאַראַ פאַרגעניגן איך האָב דערפון געהאַט!

ניט ווייט פון אונדזער הויז איז געשטאַנען אַ בערגל. איך פלעג אַרויפקריכן אויף זיין שפּיץ, אַוועקשטעלן דאָס שליטעלע, זעצן זיך אויף אים און — הײַדאַ אַראָפּ!...

דער ווינט פייפט מיר אין די אויערן, איך פלי!

איין ווײַלע און איך בין שוין אונטערן באַרג.

צום ערשטן מאָל האָט זיך מיר איינגעגעבן. צום צווייטן . . . ווייס איך נישט, וואָס ס'איז געשען. זיך געזעצט, דאַכט זיך, אויפן שליטל . . . פּלוצלונג דערפיל איך, אַז איך פאָר אויפן קאָפּ. און אַזוי ביז אונטן . . .

יאָ, אין אָנהייב פלעגט דאָס שליטל פאָרן אויף מיר, פונקט אַזויפיל ווי איך אויף דעם. אָבער שפּעטער האָב איך זיך אויסגעלערנט גוט צו קערעווען און איך בין שוין מער נישט געבליבן ביז אַ העלפט איינגעזונקען אין שניי. . .

# פעטער שנייער

פעטער שנייער איז אַ ווייסער,
נאָר ער איז נישט אַלט.
פעטער שנייער איז אַ שטיפער,
נאָר ער זעט אויס קאַלט.

פעטער שנייער איז אַ טענצער,
טאַנצט ער ביז ער פאַלט.
און געפאַלן אויף אַן אָרט,
וואו מען גייט און פאָרט.

זיינען שטיין געבליבן שטיל
וואָגן, קאַר, אָטאָמאָביל.
זיינען גאַסן־קערער באַלד
אָנגעקומען אויפן געוואַלט,

האָבן זיי אים צוגענומען
מיט אַ רידל, מיט אַ בעזעם,
אָנגעשלאָגן, אָנגעשמיסן,
און פאַרוואָרפן און צעריסן.

האָבן זיי דעם פעטער שנייער
איינגעפּאַקט ווי מיסט אין וואָגן,
מיט די רידלען צוגעשלאָגן
און אָוועקגעפירט מיט שפּאָט
ערגעץ ווייט, אַרויס פון שטאָט.

# אַ מייסע מיט צוויי ברידער

אַמאָל זיינען געווען צוויי ברידער. איינעם האָט מען גערופן ק י ד ע ר און דעם אַנדערן — ו ו י ד ע ר.

און זיי האָבן טאַקע געלעבט קידער־ווידער. האָט איינער געזאָגט טאָג, האָט דער צווייטער געזאָגט נאַכט; האָט איינער געוויינט, האָט דער צווייטער געלאַכט; האָט איינער געזאָגט זומער, האָט דער צווייטער געזאָגט ווינטער; איז איינער געקומען אַפריער, איז דער צווייטער געגאַנגען אַהינטער.

איינמאָל האָבן זיי געדאַרפט ערגעץ־וואו פאָרן. זאָגט איינער:

— לאָמיר פאָרן מיט דער באַן.

לאַכט דער צווייטער:

— אַ נייער פּלאַן, גאָר פאָרן מיט דער באַן!

לאַכט קידער:

— טאָ ווי זשע ווילסטו פאָרן? ביי אַן אָקס אויפן האָרן?

מאַכט ווידער:

— איך מיין מיט פערד און וואָגן.

מאַכט קידער:

— אַ פערד מיט אַ וואָגן טויג אויף קלאָגן.

זאָגט ווידער:

— און מיט דער באַן, גיי איך מיט דיר אין געוועט, וועלן מיר נאָך פאַרפאָרן העט־העט!

מען האָט זיך געקריגט און געקליגט, ביז מען איז גאָרניט געפאָרן.

אַ צווייט מאָל האָבן זיי געדאַרפט גיין כאַפּן פיש. זאָגט קידער, אַז מען דאַרף כאַפּן מיט אַ ווענדקע, און ווידער זאָגט: — ניין, מיט אַ נעץ!

זאָגט קידער:

— מיט אַ ווענדקע איז בעסער.

זאָגט ווידער:

— מיט אַ נעץ איז גרעסער!

מאַכט קידער:

— ניין, ווידער! אָט ווייל דו ווילסט מיט אַ נעץ, וויל איך מיט אַ ווענדקע!

זאָגט ווידער:

— ניין, קידער! אָט ווייל דו ווילסט ניט מיט אַ נעץ, וויל איך מיט אַ נעץ!

האָט מען זיך אַזוי אָפּגעקריגט און אָפּגעקידערט און אָפּגעווידערט, ביז מען איז גאָרניט געגאַנגען כאַפּן פיש.

***

דאָס אַלטע הויז, וואו די צוויי ברידער, קידער און ווידער, האָבן געוואוינט, האָט שוין געהאַלטן ביים איינפאַלן און מען האָט געדאַרפט בויען אַ ניי הויז.

מאַכט קידער:

— מען דאַרף בויען פון האָלץ.

מאַכט ווידער:

— ביסט אַ באָלץ, ווען דו ווילסט בויען אַ הויז פון האָלץ.

פרעגט קידער:

— און פון וואָס ווילסטו בויען, כאָכעם מיינער?
ענטפערט ווידער:
— פון ציגל.
מאַכט קידער:
— פון ציגל איז דאָך טייער.
לאַכט ווידער:
— און פון האָלץ טויג אויפן פייער!

האָבן זיי זיך אַזוי אָפּגעקידערט און אָפּגעווידערט און גאָרניט געבויט קיין הויז.

זיינען זיי געזעסן אין דעם אַלטן הויז.

ביז דאָס הויז איז איינגעפאַלן.

וואָס זאָלן זיי איצטער טאָן? זיי קאָנען דאָך אין דרויסן ניט זיצן! זיינען זיי אַוועק וואוינען ביי פרעמדע. און אויך דאָרטן זיינען זיי געוועזן קידער-ווידער.

אָבער די מענטשן האָבן ניט געקאָנט פאַרטראָגן דעם קידער-ווידער פון די צוויי ברידער. האָבן די מענטשן צו זיי געזאָגט:

— ליבע ברידער, אויב איר ווילט לעבן קידער-ווידער, קלייבט זיך אַרויס און בויט זיך אַליין אַ הויז.

זיינען אַוועק די צוויי ברידער, קידער און ווידער, בויען פאַר זיך אַ הויז. אָבער דאָ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די אייגענע מייסע: קידער האָט געוואָלט בויען דאָס הויז פון האָלץ און ווידער — פון ציגל. איז אַוועק אַ קידער-ווידער צווישן די צוויי ברידער, און דערווייל האָט מען ניט געבויט דאָס הויז, און די מייסע איז ניט אויס.

און אָט אַזוי גייט דאָס דער געשלידער פון דער מייסע מיט די צוויי ברידער, וואָס איינעם האָט מען גערופן קידער און דעם אַנדערן — ווידער.



# כאַוויירים צוויי

מיין הונט און איך
כאַוויירים צוויי.
ער גייט מיר נאָך
וואוהין איך גיי.
ער שפרינגט אויף מיר
און וואַרפט מיך אום,
ער בילט אויף מיר
און רופט מיך: קום!
ער בייסט מיין האַנט,
און ס'טוט ניט וויי.
מיין הונט און איך —
כאַוויירים צוויי!

ווערטל:

ער פילט זיך, ווי אַ פיש אין וואַסער.

# סענדער און בענדער

אין אַ טראָק, וואָס איז געווען פול מיט מענטשן, האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויך סענדער און בענדער.

סענדער פרעגט:

— מענטשן! זאָגט מיר דעם עמעס! אויף וועמענס פּוס האָב איך זיך געזעצט?

ענטפערט בענדער:

— אויב דער פּוס איז מיט אַ שוואַרצן זאָק, איז ער מיינער...

**
*

סענדער לויפט אין גאַס. פרעגט אים בענדער:

— וואָס לויפסטו אַזוי?

— איך לויף צו דער באַן, זען מיין טאַטן; ער דאַרף מאָרגן קומען פון פילאַדעלפיע.

בענדער פרעגט ווידער:

— אויב דער טאַטע דאַרף קומען מאָרגן, איז וואָס לויפסטו היינט צו דער באַן?

ענטפערט סענדער:

— און טאָמער האָב איך מאָרגן קיין צייט ניט?

— איצט פאַרשטיי איך שוין....

# ווייסער יאָנטעוו




שנייעלעך, שנייעלעך, דרייט זיך!
אינגעלעך, מיידעלעך, פרייט זיך!
דער דרויסן, אַ ווייסער, וועט מאָרגן
פינקלען און גלאַנצן אָן זאָרגן!

שליטעלעך וועלן זיך יאָגן,
שליטעלעך וועלן זיך טראָגן —
דאָ באַרג אַרויף,
דאָ באַרג אַראָפּ
לויפן אין שנעלן גאַלאָפּ.

# דער אָדלער

אַ יעגער האָט געפֿונען צווישן די בערג אַ נעסט פֿון אַן אָדלער. די אַלטע אָדלערס זיינען גראָד דאַן ניט געווען אין נעסט. דאָרט איז געבליבן נאָר איין יונג אָדלערל. דער יעגער האָט אַוועקגעטראָגן דאָס אָדלערל צו זיך אַהיים. איז געקומען די אָדלער-מוטער און דערזען, אַז איר קינד איז ניטאָ, איז זי אַוועקגעפֿלויגן זוכן און האָט דעריאָגט דעם יעגער ביי זיין שטיבל. די אָדלער-מוטער איז ניט אָפּגעטראָטן פֿון יענעם אָרט און האָט זיך אַלץ געדרייט אַרום שטיבל און געשריען.

אויף מאָרגן אין דער פֿרי איז דעם יעגערס ווייב אַרויס פֿון שטיבל מיט איר טעכטערל. די פֿרוי האָט גענומען וואַשן וועש און דאָס מיידעלע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן גראָז. די עלטערע קינדער זיינען אויך אַרויס און האָבן מיטגעבראַכט די שטייג מיטן יונגן אָדלערל. דאָס אָדלערל האָט זיך געריסן און געשריען.

מיטאַמאָל האָט עפּעס אַ רויש געטאָן אין דער לופֿטן. דאָס איז די אָדלער-מוטער צוגעפֿלויגן צום מיידעלע, האָט זיך אין איר איינגעטשעפּעט מיט די נעגל און אויפֿגעהויבן זיך מיט איר אין דער לופֿטן. ביי דער אומגליקלעכער מאַמען זיינען אָפּגעשטאָרבן אַלע אייוורים פֿון שרעק. זי איז צוגעלאָפֿן צום שטייגל, האָט אַרויסגענומען דאָס אָדלערל און עס אויפֿגעהויבן אין דער הויך, די אָדלערין זאָל עס דערזען. דאָס אָדלערל האָט איר געפּיקט די הענט, דעם קאָפּ, נאָר זי האָט קיין זאַך ניט געפֿילט און האָט ניט אַראָפּגענומען קיין אויג פֿון איר מיידעלע.

די אָדלער-מוטער האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס די פֿרוי וויל און האָט זיך גענומען אַראָפּלאָזן. אָט איז זי שוין געווען גאָר נידעריק. די פֿרוי

האָט אַרויסגעלאָזן דאָס אָדלערל און האָט קוים-קוים באַוויזן אונטער־צוכאַפּן איר מיידעלע.

די אָדלערין מיט איר אָדלערל האָבן זיך גלייך אויפגעהויבן אין דער לופטן און זיינען באַלד פאַרשוואונדן געוואָרן.

## טרעף די ווערטער:

1.  אָמעָ

3. שר 

2. נ 8

5. של 

## ר ע ט ע נ י ש:

אַ קינד האָט געשריבן אַזוי:

צען פינגער האָב איך אין יעדער האַנט פון מיינע הענט פינף און צוואַנציק אין די הענט און פיס.

ווי איז עס מעגלעך?

# לעניִן

געלעבט האָט אַ טייערער
מענטש און אַ פֿריינט —
זיין לעבן, ווי זון,
אויף דער ערד האָט געשיינט.

פֿון ביינאַכט ביז פֿאַרטאָג,
פֿון פֿאַרטאָג ביז ביינאַכט
איז געזעסן דער מענטש
און שטענדיק געטראַכט.

וועגן וואָס האָט דער מענטש
געטראַכט און געקלערט?
וועגן קינדער, וואָס שלאָפֿן
אויף נאַקעטער ערד.

וואָס האָט ער שטענדיק
אין זינען געהאַט?
זיין דאַרפֿן קינדער
פֿריילעך און זאַט;

זאָל מער זיך ניט הערן
קיין ביטער געוויין,
און גאָרנישט זאָל פֿעלן
דעם קינד אין זיין היים.



י. ל. פּערעץ

# צו די עסקימאָסן

מאַמע, מאַמע, זיי געזונט,
איך שליטל זיך אַוועק.
וואו די וועלט האָט נאָר אַן עק —
צו די עסקימאָסן!

— וואָס וועסטו דאָרטן טאָן?
— וואָס דאָרטן טאָן איך וועל?
איך וועל קליידן זיך אין פעל,
טראָגן וואַסער-שטיוול!

— אָבער קינד מיינס, דאָרט איז קאַלט!
דאָרט איז אייביק שניי און אייז!
— שאַט נישט, מאַמע, איך ווייס!
איך מאַך אַ שטיבל זיך פון שניי!

— עס איז פינצטער אָן אַ פענצטער!
— איך שים אַ וואַלפיש מיט אַ פייל,
נעם ביי אים צום לעמפּל אויל,
טאָג און נאַכט דאָס לעמפּל ברענט!

— וואָס וועסטו טאָן אַ גאַנצן טאָג?
— אַרבעט איז גענוג פאַראַן!
איך כאַפּ אַ הירש און איך שפּאַן
אין שליטל איין און יאָג!

# ווי אַזוי מע געוואוינט זיך איין

מענאַשען קענט איר, צי ניין? איין אויג האָט ער אַ קליינס, און דאָס מויל איז אים אויף אַ זייט. פון אַ ווינטל איז דאָס אים געקומען. אַזוי זאָגט ער אַליין.

איך פאַרשטיי ניט, ווי אַזוי ווערט עס פון אַ ווינטל דאָס מויל אויף אַ זייט. וויפל ווינטן גרויסע און קליינע בין איך, אַ שטייגער, אויסגעשטאַנען אין מיין לעבן!

דער גאַנצער קאָפּ וואָלט שוין אַצינד באַדאַרפט זיין ביי מיר אויף יענער זייט פּליצעם.

איך רעכן, אַז דאָס איז נאָר אַ געוואוינהייט, ווי אַזוי מען געוואוינט זיך איין.

אָט לעמאָשל, לייבל. אַנומלטן האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס איז ביי דיר אַ קרומער רוקן?

האָט ער געענטפערט, אַז דאָס איז אים געקומען פון לערנען. דאָס הייסט, ניט פון לערנען, נאָר פון זיצן איינגעבויגן. דאָס פאַרשטיי איך. אָט ביי הערשל שניידער איז איין פּלייצע העכער און די צווייטע אַ נידעריקע דערפאַר, וואָס ער זיצט און נייט איינגעבויגן אויף איין זייט.

ווייטער איז פאַראַן ביי מיר אַ כאַוווער בערל, פּינטלט ער מיט די אויגן. נאָך אַ כאַוווער האָב איך, וועלוול, זופּט ער לאָקשן מיט יויך, ווען ער רעדט.

אַלצדינג אין דער וועלט איז אַ געוואוינהייט, ווי אַזוי מען געוואוינט זיך איין.

# אַן אומזיסטער פּאַטש

פון געבוירן אָן האָב איך פיינט געהאַט זיסע זאַכן, אין מויל אַריין נישט גענומען.

— ער וויל מען זאָל אים האַלטן פאַר קלוג — האָט מען זיך גערייצט מיט מיר.

די באָבע פלעגט באַקן אַלערליי זיסע זאַכן: ווייסן לעקעך, האָניק־לעקעך, טאָרטן, פּרעגלען איינגעמאַכצן, פאַר זיך, פאַר די קינדער, פאַר די קראַנקע אָרעמע לייט.

אַלע אייניקלעך עסן. איך איינער אָן אויסנאַם: איך עס נישט.

מאַכט זיך אַ סימכע ביי אונדז.

קומען אָרעמע לייט אויף לעקעך און בראָנפן. פאַרזאַמלען זיי זיך אין מיטל־שטוב. אין דער שטוב לינקס — די באַלעבאַטישע געסט.

טראָגט דער סאַרווער פון דער מאַמעס שטוב אַרויס, הויך איבערן קאָפּ, אַ טאַץ מיט לעקעך צו די באַלעבאַטים אַריין, איבער דער מיטל־שטוב. און איך זע, ווי אַ קראַנקע מיידל קוקט מיט פאַרברענטע אויגן צו דער טאַץ אַרויף. פלינק בין איך געווען, שפּרינג איך אונטער, כאַפּ אַ שטיקל לעקעך און דערלאַנג דער בלאַסער מיידל . . .

דער טאַטע — איך האָב נישט געוואוסט דערפון — איז געשטאַנען אין טיר פון דער מאַמעס שטוב. דעם שפּרונג אין דער הויך האָט ער געזען. וואָס איך האָב מיטן לעקעך אין דער נידער געטאָן — נישט.

גייט ער צו און דערלאַנגט מיר אין באַק.

צו מאָרגנס, מיר זיצן אַלע ביים טיש, פאַרקלאָגט ער מיך פאַר דער מאַמען:

— דער קאָמעדיאַנט, עסט קלוימערשט נישט קיין זיסע זאַכן און כאַפּט לעקעך פון טאַץ!

קומט אַריין די דינסט מיט דער יויך — געהערט האָט זי אַפּאַנעם הינטער דער טיר — און דערציילט, וואָס איך האָב מיטן לעקעך געטאָן. זי האָט געזען.

די מאַמע האָט די ברעמען אַראָפּגעלאָזט איבער די אויגן. דער טאַטע איז בלאַס געוואָרן. די אויגן זיינען ביי אים פייכט געוואָרן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַריין אין צווייטן צימער.

# טאָני און זיין הונט

טאָני איז אַ קליין איטאַליעניש ייִנגל. ער האָט אַ סאַך ברידערלעך און שוועסטערלעך. זיי לויפן אַרום אָפּ־געריסענע און הונגעריקע.

טאָני האָט אַ קליין הינטל. ווען ער איז הונגעריק, נעמט ער דאָס הינטל אויף די הענט און רעדט צו אים, ווי צו אַ כאַווער:

— זעסט, מיר הונגערן.

איינמאָל הערט טאָני, ווי די מאַמע זאָגט צום טאַטן:

— כ׳האָב אויף קיין ברויט נישט אויף מאָרגן.

טאָני האָט עפּעס פאַרטראַכט:

— ער וועט אַרויס אין גאַס און פאַרקויפן זיין הינטל. פאַרן געלט וועט די מאַמע קויפן ברויט.

ער רופט צו דאָס הינטל, לייגט אַוועק זיינע פאָדערשטע פיסלעך צו זיך אויף די אַקסלען און פרעגט:

— וועסט קאָנען זיין אָן מיר, זאָג?

דאָס הינטל לעקט מיט דער צונג טאָניס פּאָנעם.

טאָני באַהאַלט דאָס הינטל אונטערן רעקל און גייט שטיל אַרויס אין דרויסן.

אין גאַס איז געווען קאַלט. טאָני האָט דערזען אַ פרוי, האָט ער צו איר געזאָגט:

— קויפט אַ הינטעלע. אַ טייער הינטעלע.

— וויפיל ווילסטו פאַרן הינטעלע?

— 50 סענט — האָט טאָני געענטפערט.

די פרוי האָט געקויפט דאָס הינטעלע.

טאָני איז געלאָפן אַהיים. ער האָט ניט געקאָנט זען, ווי דאָס הינטל האָט זיך געריסן פון דער פרויס הענט.

ער איז געקומען אַהיים און געגעבן דער מאַמען די 50 סענט.

— וואו האָסטו גענומען דאָס געלט?

— איך האָב פאַרקויפט מיין הינטל.

אין טאָנים אויגן זיינען געשטאַנען טרערן.

די נאַכט איז טאָני ניט געשלאָפן. טאָנים הינטל איז אויך ניט געשלאָפן. די פרוי האָט אים געגעבן עסן. דאָס הינטל האָט זיך ניט צוגערירט. ס׳איז געשטאַנען לעבן דער פאַרמאַכטער טיר און געדראַפּעט מיט די פיסלעך.

די פרוי האָט באַשלאָסן, זי וועט לאָזן דאָס הינטל גיין. זי האָט געעפנט די טיר. דאָס הינטל האָט זיך אַ ריס געטאָן אין דרויסן אַרויס.

לויפט דאָס הינטל איבער די גאַסן און לויפט ביז טאָנים הויז. צוגעקומען צו דער טיר, נעמט עס האַוקען און דראַפּען מיט די פיס.



טאָני איז אַראָפּ פון בעט און געעפנט די טיר. דאָס הינטל איז אַריינגעלאָפן אין שטוב, און אַרויפגעשפרונגען אויף טאָנין און האָט גענומען לעקן זיין פּאָנעם און זיינע הענט.

טאָני און זיין הינטל,ביידע זיינען געווען גליקלעך.

# דאָס יאָר

יאַנואַר — איינס,
פעברואַר — צוויי —
וואָס איז נאָך ווייסער
און ווייכער פון שניי?

מערץ און אַפּריל
קומען אַריין,
באַפרייען פון וואָלקנס
די זוניקע שיין.

באַפרייען דעם גאָרטן
פון אייז און פון שניי —
שטעלט זיך דער מיי
און דער יוני אין ריי.

זיי מאָלן מיט אַלע
קאָלירן די וועלט,
ביז יולי און אויגוסט
צו קומען געפעלט.

קלייבט מען די פרוכטן,
שנײדט מען דאָס פעלד,
ביז ס׳ברענגען סעפּטעמבער,
אָקטאָבער די קעלט.

אויס בלעטער און בלומען,
אויס זאַפטיקע גראָז,
נאָוועמבער, דעצעמבער
ברענגען דעם פראָסט.

# אַלבערט קלײַבט קוילן

אַלבערט איז נײַן יאָר אַלט. ער איז דאַר און בלאַס.

זײַן טאַטע גײט שוין זײער לאַנג אַרום ליידיק. יעדן טאָג גײט ער אַרױס זוכן אַרבעט.

אַלבערטס מאַמע װאַשט װעש. אָבער זי פֿאַרדינט ניט גענוג אויף ברויט.

זײַן קלײן שװעסטערל, עמעלע, איז נאָך קײן יאָר ניט אַלט. װען זי װיל עסן, אָדער ס׳איז איר קאַלט, מאַכט זי קוילעס אונטערן הימל. אַלבערט האָט זײער ליב זײַן שװעסטערל.

נאָך סקול גײט אַלבערט אַרױס מיט אַ קערבעלע אין די הענט. ער גײט איבער די גאַסן, קוקט אויף דער ערד און זוכט אַ קויל אָדער אַ שטיקל האָלץ.

אַלבערט קומט אַהײם אַ מידער. די מאַמע הײצט אײַן אין שטוב און אַלבערט שפּילט זיך מיט דער קלײנער עמעלען.

דאָס לעצטע מאָל איז געשען אַזױ:

ס׳איז געװען אַ קאַלטער װינטער-טאָג. דער פֿראָסט האָט געביסן אויף טויט.

די מאַמע װאָלט עפּשער אין אַזאַ טאָג ניט אַרױס־געלאָזט אַלבערטן קלײַבן קוילן. אָבער די קלײנע עמעלע איז געװען קראַנק. האָט די מאַמע אָנגעטאָן איר גוטן זון אין אַ באַרג מיט שמאַטעס און אים אַװעקגעשיקט מיטן קערבעלע.

אַלבערט איז אַרױס אין דרױסן. די קעלט האָט אים דורכגענומען, אָבער דערפֿאַר האָט אים גענומען גליקן.

ער האָט עטלעכע מאָל באַגעגנט וועגענער, וואָס האָבן אַראָפּגעשאָטן קוילן און יעדעס מאָל האָט ער אויפגעקליבן פון דער ערד עטלעכע קוילן.

ער האָט זיך דערנאָך געלאָזט לויפן אַהיים. אַך, ווי קאַלט ס׳איז אים געווען. אָט ווערט ער פאַרפראָרן. אָבער אָט איז פאַר זיינע אויגן נאָך אַ וואָגן. די קוילן האָט מען שוין באַלד אַראָפּגעשאָטן און ער דאַרף ניט לאַנג וואַרטן.

אַלבערט האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער גייט צו מיטן קערבעלע און נעמט קלייבן די שטיקלעך איבערגעלאָזטע קוילן. פּלוצלונג קריגט ער אַ שטויס מיט אַ פוס.

אַלבערט שפּרינגט אויף אַ דערשראָקענער. לעבן אים שטייט דער קוילנמאַן און שרייט.

ער וויל נעמען לויפן, אָבער דער קוילנמאַן כאַפּט אים אָן, רייסט אַרויס דאָס קערבעלע פון זיין האַנט, וואַרפט אַרויס די גאַנצע קוילן און טוט אַ שליידער דאָס קערבעלע אויף אַ האַלבער גאַס ווייט.

אַלבערטס אויגן ווערן מיט טרערן פאַרלאָפן. ער הייבט אויף דאָס קערבעלע, גיט זיך פון ווייטן אַ קרום אויפן בייזן קוילנמאַן און שלעפּט זיך וויינענדיק אַוועק אַהיים.

אוי, ווער הײנט זיין קראַנק שוועסטערל פרירן! . . .



# אַ מייסע פון אַ גאַנץ יאָר

פרי איז פרילינג אָנגעקומען.
און דער זומער — עטוואָס שפּעטער.
אויף דער ערד געשאָטן בלומען;
און אויףביימער — גרינע בלעטער.

אָנגעאַרבעט, אָנגעלאָפן;
אַלע פעלדער אויסגעטראָטן.
זיינען בײדע איינגעשלאָפן,
אין אַ קילן גרינעם שאָטן.

און דערווייל האָט פעטער האַרבסט
שטיל, פּאַמעלעך זיך פאַרקליבן.
און מיט גאָלד אויף גרינע בלעטער,
נייע מייסעס אָנגעשריבן.

איז דער זיידע „ווייסער ווינטער״
אויף זיין ווייסן פערד געפלויגן.
געקומען איז ער פון דער וויטן
און דעם האַרבסט מיט וויס באַצויגן.

# אַלע ווילן עסן

פאַרלאָפן האָט זיך די מייסע ביי אַ יידישן פאַרמער אין די קעטסקיל-בערג.

דער פאַרמער מאָרים האָט זיך אַרומגעוואַשן, זיך געזעצט צום טיש אין קיך. קיין סאַך האָט ער אָבער ניט געגעסן, ווייל איצט, אין נאָוועמבער, האָט ער קיין סאַך אַרבעט אין פעלד ניט געהאַט. און ווען ער האָט קיין סאַך ניט געאַרבעט, פלעגט ער ווייניק עסן. אַזאַ נאַטור געהאַט.

די פאַרמערקע האָט צעוואַשן דאָס געפעס און אַריינגעוואָרפן דאָס איבערגעבליבענע פון די טעלער אין אַ גרויסן טאָפּ אַריין. זי איז געווען אַ געראָטענע קעכין, און פון איר שפייז האָבן האַנאָע געהאַט אויך די, וואָס פלעגן עסן אין דרויסן.

דאָס זיינען געווען: דער הונט לאַרדזשי, די קאַץ מיט אירע קעצלעך און די הינער.

לאַרדזשי איז געווען אַ דייטשישער פּאָליציי-הונט, אַ געלער, מיט ווייסע פּאַסן אויפן בויך און אויף די פיס. ער האָט זיך פאַרדינט זיין שפייז. ווען די צוויי ווייסע פערד האָבן געאַקערט, פלעגט לאַרדזשי לויפן ביי די זייטן און זען, אַז זיי זאָלן ניט אַרוים פון דער מעזשע. אַז מע האָט געדאַרפט אַריינטרייבן די קי אין שטאַל, איז לאַרדזשי געווען אויפן פלאַץ און געהאָלפן.

די פאַרמערקע האָט אַרויסגעשטעלט דעם טאָפּ מיטן עסן. לאַרדזשי איז גלייך ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן. ער האָט אַ לאָז געטאָן זיין ווייכע רויטע צונג אין דער אַרבעט.

לאַרדזשי האָט ניט באַמערקט, ווי ער איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון דער קאַץ און אירע פינף קעצלעך. איין קעצל האָט געוואָלט זיין קליגער פון דער מאַמען און זיך צוגעשאַרט אַ ביסל נעענטער צום טאָפּ. לאַרדזשי האָט עס דערפילט און געגעבן מיטן קאָפּ אַ בורטשע אויף „ניין!״ קיינער זאָל ניט וואַגן צוגיין!

זייענדיק פאַרטאָן אין דער אַכילע, האָט לאַרדזשי ניט באַמערקט, אַז הינטער די קעץ האָט זיך געפונען אַן אַרמיי פון פיר הינער. זיי האָבן אַרומגערינגלט די קעץ, אויסגעשטרעקט זייערע פּיקערס, גרייט זיך אַ לאָז צו טאָן צום טאָפּ.

דאָס יינגסטע פון די הינדלעך איז, ווייזט אויס, געווען זייער הונגעריק און עס האָט געמאַכט אַ טראָט פאָרויס. דאָס האָט שוין די קאַץ ניט געקאָנט פאַרליידן און מיט דער לאַפּקע געגעבן אַ גראַבל דעם הינדל אין פּאָנעם אַריין.

אין טאָפּ איז שוין גאָרנישט געבליבן. לאַרדזשי האָט אַרויס-גענומען דעם קאָפּ און זיך באַלעקט. ער האָט געטאָן אַ לאַנגן גענעץ און פּוילערהייט אַוועקגעשפּאַצירט אויפן וועג.

ערשט איצט האָבן זיך די קעצלעך מיט זייער מוטער אַ לאָז געטאָן צום טאָפּ. זיי זיינען געווען אַזוי פאַרנומען, אַז זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי די הינער האָבן אַרומגערינגלט דעם טאָפּ און זיך געקליבן אַריינשטעקן זייערע קעפּלעך. נאָר אין דעם מאָמענט, ווען איין הינדל האָט עס געוואָגט צו טאָן, האָט זיך פון טאָפּ אַ הויב געטאָן אַ לאַפּקע פון אַ קעצל און דערלאַנגט אַ פּעטשל דעם הינדל.

דאָס הינדל איז אָפּגעטראָטן.

ענדלעך זיינען די קעצלעך פאַרטיק געוואָרן. דער טאָפּ האָט געשיינט פון ריינקייט.

ערשט איצט זיינען די פיר הינדלעך צוגעלאָפן און האָבן אַריינגע-שטעקט זייערע פּיקערס. וואָס זיי האָבן געפּיקט איז שווער געווען צו זען, נאָר זיי זיינען געווען שטאַרק פאַרנומען. עס האָט זיך בלויז געהערט דער קלאַנג אויפן מעטאַל.

אויך זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן.

אַ רעגנדל האָט אָנגעהויבן שפּריצן. די קעצלעך האָבן זיך אויס-געצויגן אונטערן נאָדלבוימל. די הינדלעך האָבן זיך אויך אַוועק-געשטעלט אונטער אים. לאַרדזשי האָט זיך באַוויזן. דערזען, אַז פאַר אים איז קיין פּלאַץ ניט געבליבן, איז ער אַוועק מיט אַן אַראָפּגע-לאָזטן עק.

די טראָפּנס רעגן האָבן געפּייקלט אין ליידיקן טאָפּ, ווי זיי וואָלטן גערופן עמעצן, אַז מע זאָל אים אָנפילן מיט שפּייז פאַר די קעצלעך און הינער.

# אַ פלעשל מילך פאַר וויוויען

ביי מיסטער ברעדלין אין קעלער זיצט דער מילך־מאַן און קוקט דורכן קליינעם פענצטער. אויפן שוועל שטייען צוויי פלעשער מילך.

ס׳איז שוין פיר אַ זייגער און האַלב נאָך פיר, אָבער דאָס מילך שטייט נאָך אַלץ.

פּלוצלונג קומט אָן אַ נעגער־יינגל אין צעריסענע שיך, אין אַן אַלטן מאַנטל און לויפט צו צום שוועל. ער טוט אַ כאַפּ אַ פלאַש מילך און לויפט.

דער מילך־מאַן איז אַרויס פון קעלער און האָט זיך אַ יאָג געטאָן נאָכן יינגל.

דער יינגל לויפט ווי אַ הירש, האַלטנדיק די פלאַש מילך שטאַרק צוגעדריקט צום האַרצן.

— שטעל זיך אָפּ, דו גאַנעוו! — שרייט דער מילך־מאַן.

דער יינגל האָט אַ שליידער געטאָן די פלאַש מילך און איז געלאָפן אַ צעשראָקענער.

***

די קליינע וויוויען איז געלעגן אין וויג און מיט ברוינע, גרויסע אויגן געקוקט צו דער טיר, איר ברידערל לעסלי זאָל איר דערלאַנגען מילך. קוקט זי און קוקט. ניטאָ איר גרויסער ברודער.

לעסלים מאַמע ווייסט, אַז ער גייט אַלע פאַרטאָג אַרויס אָן געלט און קומט מיט אַ פלאַש מילך. ליגט זי אין בעט און מורמלט:

— מיין לעסלי איז ניט קיין גאַנעוו. ס׳איז פאַר וויוויען.
מיין לעסלי איז ניט קיין גאַנעוו.
וואַרט וויוויען. וואַרט איר מאַמע.

לעסלי לויפט אַריין אַ פּאַרסאָפּעטער, אַ צע־שראָקענער:

— ניטאָ קיין מילך, וויוויען, דער ווייסער מאַן יאָגט זיך נאָך מיר.

ווייסט ניט וויוויען, וואָס ער רעדט. זי לעקט די ליפּעלעך.

לעסלי קוקט מיט שרעק צום פענצטער. דערהערט ער — קליפּ־קלאַפּ אין טיר. טוט ער אַ שפּרונג אונטערן בעט.

זיין מאַמע לויפט צו דער טיר, שטרעקט אויס אירע דאַרע הענט און בעט זיך ביים מילך־מאַן:

— אָ, גוטער מילך־מאַן, פירט ניט מיין לעסלין צו דער פּאָליציי. ער האָט אַ גאָלדן האַרץ, מיין לעסלי.

דער מילך־מאַן האָט געזען לעסלים צעריסענע שיך אונטערן בעט.

— כ׳וואַרט ניט לאַנג דאָ. מ׳וויל ניט געבן קיין רעליף. מיין מאַן אַרבעט שוין ניט צוויי יאָר.

דער מילך־מאַן האָט געקוקט, ווי וויוויען זויגט איר פינגערל.

ער איז אַרויס צום וואָגן און אַריינגעבראַכט צוויי פלעשער מילך.

— נעמט דאָס מילך פאַר אייער בייבי. ס׳איז אויף מיין רעכענונג. מער קאָן איך אייך ניט געבן.

לעסלי איז אַרויסגעשפּרונגען פון אונטערן בעט און גענומען וואַרעמען מילך פאַר זיין שוועסטערל.

# דער שטיינהעקער

(יאַפּאַנישע פֿאָלקס־מייסע)

## 1

אין די לאַנג פֿאַרלאָפֿענע צייטן האָט אין יאַפּאַן געלעבט אַ שטיינ־העקער, אַ גרויסער אָרעמאַן.

ער האָט גאַנצע טעג געהאַקט שטיינער, געהאַקט אָן אויפֿהער, סיי זומער, סיי ווינטער, אונטער רעגן און שניי, אין היץ און אין קעלט.

שטענדיק איז ער געווען טויט מיד און טויט הונגעריק.

פֿאַרשטייט זיך, אַז צופֿרידן זיין מיט זיין לעבן האָט ער נישט געקאָנט.

— ווי דאַנקבאַר איך וואָלט געווען — האָט ער איין מאָל געזאָגט — ווען איך וואָלט זיך געקאָנט גוט אויסשלאָפֿן און צו־זאַט אָפּעסן!... עס זיינען דאָך פֿאַראַן אַזוינע מענטשן, וואָס האָבן גענוג און זאַט צו עסן... אָ, ווען איך בין אַזאַ!... איך וואָלט זיך פֿונאַנדערגעלייגט פֿאַר דער טיר אויף ווייכע קישעלעך, אָנגעטאָן אין לייכטן זיידנס און וואָלט זיך אַזוי זאָרגלאָז און געשמאַק געדרעמלט... און וואָס צו עסן, וואָלטן שוין די דינער צוגעגרייט.

פּלוצלונג איז אויפֿן וועג אויסגעוואַקסן אַ פּראַכטפֿולער פּאַלאַץ און דער שטיינהעקער איז געלעגן פֿאַר דער טיר אויף ווייכע קישעלעך, אָנגעטאָן אין טייערע זיידענע קליידער, און ער האָט שוין נישט געפֿילט קיין מידקייט, קיין הונגער און קיין קעלט.

מיט אַ מאָל האָט ער דערזען — עס פֿאָרט דער מיקאַדאָ. מוזיק שפּילט. אויסגעצירט אין גאָלד און אין זילבער, ליגט דער מיקאַדאָ אויף קישעלעך פֿון אַ טראָג־בעטל...

דער אויפֿגעקומענער שטיינהעקער האָט מיט קינאה געקוקט אויף דער פּראָצעסיע פֿון מיקאַדאָ.

— אָט דאָס הייסט געלעבט! — האָט ער געזאָגט — אַך, ווען איך בין מיקאַדאָ!

און באַלד איז ער שוין געלעגן אין אַ גאָלדענעם טראָג־בעטל. און אַרום אים — מיניסטאָרן און קנעכט...

## 2

עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָט די זון שטאַרק געברענט און געבראָטן. האָט די היץ דעם מיקאַדאָ שטאַרק דערעסן.

האָט ער זיך געווענדט צום מיניסטער, וואָס האָט געהאַלטן איבער אים אַ שירעם, און געזאָגט, אָנווייזנדיק אויף דער זון:

— די זון מאַטערט מיך. זאָג איר, אַז איך, דער הערשער פון יאַפּאַן, באַפעל איר, זי זאָל זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן!

דער מיניסטער איז אַוועק אויספירן דעם מיקאַדאָס באַפעל.

באַלד איז ער אָבער צוריקגעקומען און האָט געזאָגט:

— גרויסער מיקאַדאָ, דיין פאַרלאַנג איז אוממעגלעך אויסצופירן. די זון מאַכט זיך ניט פאַרשטייענדיק און ברענט ווי פריער.

— מיין באַפעל מוז אויסגעפירט ווערן! — האָט אויסגעשריען דער מיקאַדאָ — אַניט וועל איך דיך באַשטראָפן! גיי! איך גיב דיר פינף מינוט צייט צו פאַרלעשן די זון.

## 3

דער מיניסטער איז אַוועק און איז שוין צוריק ניט געקומען.

דער מעכטיקער שטיינהעקער איז רויט געוואָרן פאַר קאַס.

— וואָס איז עס? — האָט ער גענומען פרעגן — איך, דער גרויסער הערשער, דאַרף ליידן פון דער זון!... אויב אַזוי, הייסט דאָך, אַז די זון איז מעכטיקער פון מיר. איך וועל דאָס ניט דערלאָזן! איך וועל ווערן אַ זון!...

און — דער געוועזענער שטיינהעקער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זון.

פּלוצלונג האָט זיך אָבער אַ וואָלקן געשטעלט צווישן אים און דער ערד און געזאָגט צו אים:

— וואַרט אַ ווײַלע, דאָ דאַרף מען ניט ברענען!

— וואָס?! — האָט ער אויסגעשריען — דער וואָלקן איז מעכטיקער פון מיר? אויב אַזוי, וויל איך ווערן אַ וואָלקן!

## 4

און אַ נייער וואָלקן האָט זיך שטאָלץ אַוועקגעטראָגן צווישן דער זון און דער ערד. קיינמאָל איז אָט דער וואָלקן ניט אַראָפּגעפאַלן אין אַ שטילן רעגן, נאָר שטענדיק מיט גוס און האָגל, מיט דונער און בליץ, האָט ביימער מיט וואָרצל געריסן און אויף אַלץ און אַלעמען אַרויפגעוואָרפן אַ שרעק.

נאָר איין פאַשעטער פעלדז האָט זיך קעגנגעשטעלט און האָט פאַרן וואָלקן קיין מוירע ניט געהאַט.

פון זיינע שטייניקע זייטן פלעגן די שטראָמען אָפּשפּרינגען און בייז פלעגן זיי אויף אים ווידער אָנפאַלן. ער איז אָבער געשטאַנען פעסט אויף זיין אָרט.

— וואָס ?! — האָט געשריען דער שטיינהעקער — אָט דער פעלדז וויל מיך ניט פאָלגן ? דאַן ווער איך אַ פעלדז ! איך מוז זיין מעכטיקער פון אַלעמען !

און ער איז געוואָרן אַ פעלדז.

## 5

איין מאָל דערהערט ער פּלוצלונג טרוקענע קלעפּ פון אַ האַמער. ער האָט דערזען :

צו פוסנס פון אים שטייט אַ שטיינהעקער און האַקט אָפּ פון אים אַ שטיק נאָך אַ שטיק ; ווייזט אוים, קעדיי צו פאַרריכטן דעם נאָענטן וועג.

— וואָס הייסט עס ?! — האָט שטאָלץ געפרעגט דער פעלדז — אַן אָרעמער מענטש מאַכט מיר וואונדן אין מיין לייב און איך קאָן זיך ניט פאַרטיידיקן ? אָ, דאַן וויל איך ווערן ווי ער, קעדיי אַלץ צו באַזיגן !

און ער האָט זיך ווידער דערזען אַלס אַרבעטער אויפן גרויסן וועג.

פאַרשטאַנען האָט איצט דער שטיינהעקער אַ סאַך מער. ער האָט געטראַכט :

דער מענטש, וואָס אַרבעט, קאָן אַלץ באַזיגן.

# אַליין

מעקסי איז אַלט זעקס יאָר. זיין טאַטע-מאַמע אַרבעטן ביידע אין שאַפּ. דער טאַטע שטייט אויף אין דער פרי און גייט אַוועק צו דער אַרבעט. די מאַמע גייט אַוועק אַ ביסל שפּעטער. זי טוט אָן מעקסין און גיט אים עסן; נאָכדעם גייט זי אויך אַוועק אויפן גאַנצן טאָג. זי איילט זיך זייער, ווייל זי האָט מורא צו קומען שפּעט צו דער אַרבעט.

אַז די מאַמע גייט אַוועק בלייבט מעקסי איינער אַליין. ער גייט אַרום אויפן סטוב און שלעפּט מיט זיך אַ שטול. דעם שטול מאַכט ער פאַר אַ טישל. ער לייגט אַוועק זיינע העפטן און נעמט מאָלן בילדער.

פון אַ סאַך מאָלן ציען אים די פינגער. ער לייגט אַוועק דאָס בערשטעלע און פאַרקוקט זיך אויף די קינדער, וואָס שפּילן זיך אין גאַס.

קינדער טאַנצן איבער אַ שטריק. אַנדערע גליטשן זיך אין מיטן גאַס אויף רעדלעך. מעקסי איז זיי מעקאַנע. אָבער ער אַליין וועט עס ניט טאָן. די מאַמע האָט ניט געהייסן.

ער קומט אַריין אין הויז. די מאַמע האָט אים איבער-געלאָזן עסן. ער עסט אָפּ און זוכט ווייטער מיט וואָס זיך צו שפּילן.

ער נעמט דער מאַמעס אַלבאָם און בלעטערט די בילדער. ער שווענקט זיך מיטן וואַסער אין סינק. ער קאָרמעט אָן דאָס קעצל. ער מאַכט זיך אַ פּויק פון אַ פאַן און קלאַפּט אויף דעם מיט גאָפּל און לעפל. אַזוי מאַרשירט ער אַרום אַ לאַנגע צייט.

מעקסי האָט שוין אָפּגעטאָן אַלע אַרבעטן. אין גאַס ווערט טונקל. אים איז אומעטיק. ער האָט שוין אויפֿגעגעסן אַלץ, וואָס די מאַמע האָט אים געלאָזן; איצט איז ער ווידער הונגעריק.

אויפֿן אייז-קאַסטן דערזעט מעקסי קענדי. קענדי האָט ער ליב. ער ציט אויס זיין האַנט, אָבער ער קאָן עס ניט דערלאַנגען.

ער שלעפּט צו אַ שטול און שטעלט זיך אַרויף, אָבער ס'איז נאָך אַלץ נידעריק. אויפֿן שטול לייגט ער אַוועק ברעטלעך. איצט וועט ער שוין זיכער דערלאַנגען.

פּלוצלונג טוט זיך אַלץ אַ טרייסל און אַ וויג. מעקסי פֿליט מיטן שטול, מיט די ברעטלעך, מיט אַלץ צוזאַמען אויף דער ערד.

די מאַמע גייט אַריין און הויבט אים אויף פֿון דיל.

טרעף די ווערטער:

1. דזש  2.  מט 3. אַ 

4. ל  ענען 6. קל 

# אין צירק

ס'איז פול דער צירק מיט סוידעס,
מיט וואונדער און געשריי,
מיט דראָטן און מיט הוידעס,
מיט קונצן אַלערליי.

דער העלפאַנט גייט אויף שטאַנגען
און גליטשט זיך ווי אויף זייף,
דער בער וויל נאָר דערלאַנגען
דאָס פייער אין דער רייף.

די לייבן און די טיגערס
צעברילן זיך אַ שרעק,
דער זשיראַף, דער קלוגער
בייסט זיך גאָר דעם עק.

אָט פלוצלונג באַראַבאַנען!
איך ריים אַרויף מיין בליק:
אַ מיידל הויבט אָן שפּאַנען,
זיך וויגן אויף אַ שטריק.

די בייטשן קנאַלן,
די האָרנס שאַלן,
די קלאַונס האָפּען,
די פערדלעך לאָפען.

## שרייב זאַצן מיט:






# די האַק און די זעג

אין אַ קאַלטן טאָג אין האַרבסט זיינען צוויי פּויערים געגאַנגען אין וואַלד נאָך האָלץ. איינער האָט געהאַט אַ האַק, און דער צווייטער — אַ זעג. אַז זיי האָבן אויסגע־קליבן אַ בוים, האָבן זיי זיך גענומען קריגן. איינער האָט געזאָגט:

— דעם בוים דאַרף מען אַראָפּהאַקן!

דער צווייטער האָט געזאָגט:

— ניין, מען דאַרף אים אַראָפּזעגן.

רופט זיך אָן אַ דריטער פּויער:

— איך וועל אייך באַלד איבערבעטן. אויב די האַק איז שאַרף, איז בעסער צו האַקן. נאָר אויב די זעג איז נאָך שאַרפער, איז בעסער צו זעגן.

ער האָט גענומען די האַק און אָנגעהויבן האַקן דעם בוים. אָבער די האַק איז געווען אַזוי טעמפּ, אַז מען האָט מיט איר גאָרנישט געקאָנט האַקן.

האָט ער גענומען די זעג, איז זי געווען אַ שלעכטע און האָט אין גאַנצן נישט געשניטן. האָט דער דריטער פּויער געזאָגט:

— וואַרט, ברידער, קריגט זיך ניט. די האַק האַקט ניט און די זעג זעגט ניט. שאַרפט פריער אָן די האַק און די זעג, וועט איר שפּעטער צייט האָבן צו קריגן זיך.

שרייב זאַצן מיט:






# דער באַרימער

וועט אייך עפּעס זאָגן שאָלעם,
און אייך קוקן אין די אויגן,
זאָלט איר וויסן, ס'איז אַ כאָלעם —
נישט געשטויגן, נישט געפלויגן.

כ'האָב מיין מעסערל געבראַכט,
נעם איך שאָלעמען עס ווייזן,
קוקט ער עס אַרום, באַטראַכט,
און ער זאָגט: — ס'איז דאָך פון אייזן!
אָט ביי מיר פאַראַן אַ מעסער,
איז ער טאַקע צען מאָל בעסער!

ווייז איך אים דעם בלייער מיינעם,
טוט ער עפּעס שטיל אַ רעכן
און ער זאָגט: — טאַקע אַ פיינער,
נאָר ער וועט זיך גלייך צעברעכן.
אָט ביי מיר פאַראַן אַ בלייער,
האָט ניט מוירע פאַר קיין פייער!

ווייז איך אים מיין נייעם שליטן,
טוט ער אים אַ גלעט פון פאָרנט
און ער זאָגט: — דו זאָלסט זיך היטן
פון אַ באַרג מיט אים צו פאָרן!
אָט ביי מיר פאַראַן אַ שליטן,
כ'וואָלט אויף קיינעמס אים פאַרביטן!

| |
|---|
| ווערטל: אַ ליגנער, אַז ער זאָגט דעם עמעס, גלויבט מען אים שוין אויך ניט. |

# דאָס טעפּל

אַמאָל האָט געלעבט אַ פּאָרפּאָלק. זיי זיינען ביידע געווען זייער פֿויל. איין מאָל ביינאַכט האָבן זיי זיך לאַנג געקריגט וועגן דעם, ווער זאָל אויסוואַשן דאָס טעפּל פֿון דער וועטשערע.

צום סאָף איז ביי זיי געבליבן, אַז אויסוואַשן וועט דער, וועלכער ס'וועט פֿריער אויפֿשטיין און דער ערשטער אַ רעד טאָן.

אויף מאָרגן אין דער פֿרי האָט קיינער פֿון זיי ניט געוואָלט אויפֿשטיין און ניט געוואָלט אויסרעדן קיין וואָרט.

דער זייגער שלאָגט זיבן, דער זייגער שלאָגט אַכט, ניין. ס'ווערט שוין צוועלף, און זיי ליגן נאָך אַלץ אין זייערע בעטן, און מען שווייגט.

די שכנים וואונדערן זיך. זיי גייען צו צו זייער שטוב און רעדן צווישן זיך:

— וואָס קאָן דאָס זיין? אין שטוב איז שטיל, מען זעט ניט קיינעם. אפֿשער האָבן זיי גזלנים דערהאַרגעט?

זיי האָבן די טיר אויפֿגעבראָכן, זיינען אַריין אין שטוב און דערזען מאַן און ווייב ליגן אין זייערע בעטן. פֿרעגן זיי:

— פֿאַרוואָס שטייט איר ניט אויף?

נאָר דאָס פּאָרפּאָלק שווייגט און ענטפֿערט קיין וואָרט ניט.

— נו, ס'איז אַ מיעסע מייסע. זיי מוזן געפֿערלעך קראַנק זיין. מען מוז גלייך לויפֿן נאָך אַ דאָקטער.

ס'איז געקומען דער דאָקטער — דאָס פּאָרפּאָלק שווייגט נאָך אַלץ.

דער דאָקטער איז אַוועק. זיי זיינען ביז נאַכט געלעגן אין די בעטן און האָבן געשוויגן.

ביינאַכט איז ווידער געקומען דער דאָקטער און האָט געפֿרעגט די שכנים:

— נו, זיי שווייגן נאָך אַלץ?

— שווייגן נאָך — ענטפֿערן די שכנים.

— אויב אַזוי, טאָ זאָל עמיצער פון אײַך בלײַבן דאָ לעבן די קראַנקע.

— ווער וועט אונדז באַצאָלן? — פרעגן די שכנים.

— אָט הענגט דער באַלעבאָסטעס מאַנטל. זאָל אים נעמען דער, וואָס וועט זיי באַדינען.

די פרוי האָט דערזען, אַז עס האַלט שמאָל, האָט זי ניט אויסגעהאַלטן, איז אײַן קאָעס געוואָרן און האָט אַ געשריי געטאָן:

— וואָס, מײַן מאַנטל וועט איר נעמען? אַ שיינע מייסע! ווער האָט אײַך דערלויבט זיך טיילן מיט מיינע זאַכן?

— אהאָ, איצט גיי וואַש אויס דאָס טעפּל, דו האָסט די ערשטע אַ רעד געטאָן — זאָגט דער מאַן און הייבט זיך אָן אָנטאָן.

דאָס ווייב האָט געמוזט נעבעך אויסוואַשן דאָס טעפּל.

## שרייב זאַצן מיט:







| |
|---|
| ער איז אַ קאַלטער לונג-און-לעבער. |

# אַ פייער



אַ געקלאַנג און אַ גערוואַי:
וואו—ו, וואו—ו!
פייערלעשער אויף אַ וואָגן
פליען ערגעץ וואו.

פאַלט אַ שרעק אויף מענטשן,
קוקט די שרעק פון די אויגן.
פייערלעשער פליען,
ווי די פייל פון בויגן.

אויפן ראָג אַ גרויס הויז —
פלאַמען רויטע אויפן דאַך,
און אַנטקעגן איבער
מענטשן גאָר אַ סאַך.

אין די פענצטער מענטשן,
און די הענט צעשפּרייטע —
און אַ פייערלעשער
קלעטערט אויף אַ לייטער.

פאַלט אַ שטראָם מיט וואַסער
אויפן פייער רויט,
גיט אַ זעץ אַ רויך,
פאַלט דאָס פייער טויט.

# אַ פייער

אין מיטן דער נאַכט. מענטשן שלאָפן. מיד פון דער אַרבעט, מיד פון זוכן אַרבעט.

ראָכעלעס טאַטע שלאָפט היינט בעסער ווי אַלעמאָל. ער האָט געפונען אַרבעט. ער איז געקומען אַהיים זייער מיד, אָבער זייער צופרידן. ער איז באַלד נאָכן עסן איינגעשלאָפן.

דאַכט זיך אים, אַז לעבן אים אין שאַפּ ליגן אַזויפיל הויזן. ווען וועט ער זיי אויספּרעסן? אויף זיין פּאָנעם איז אַ שמייכל. ער וועט פּרעסן, פּרעסן. שוין אַזוי לאַנג אַ פּרעסער.

ראָכעלעס מאַמע שלאָפט נאָך ניט. זי וואַשט וועש, מאַכט ריין אין שטוב. זי איז אויך צופרידן, כאָטש זי איז מיד און וויל שלאָפן.

מיטאַמאָל דערזעט זי דורכן פענצטער פון דער קיך, ווי אין הויף ווערט ליכטיק. פּונקט אַנטקעגן צינדט זיך אָן אַ פענצטער. זי דערשרעקט זיך. קוקט זיך בעסער איין — אַ פלאַם פייער!

— אַ פייער! — שרייט זי אויס אין שרעק.

זי האָט אויפגעריסן דאָס פענצטער און געשריען אין הויף אַריין:

— אַ פייער! ס׳ברענט!

אַלע זיינען אַרויס פון די בעטן. מ׳האָט גלייך גערופן די פייערלייט. זיי זיינען געקומען.

מאַמעס האָבן געשריען. קינדער האָבן געוויינט.

גרעסערע ייִנגלעך און מיידלעך האָבן געהאָלפֿן שלעפּן פֿון די הײַזער די זאַכן.

אַלע האָבן זיך געראַטעוועט. עטלעכע פֿאַמיליעס האָבן פֿאַרלאָרן זייער מעבל און אַנדערע שטוב-זאַכן. זיי זיינען געבליבן אָן אַלעם.

נאָך גוט, וואָס ראָכעלעס מאַמע האָט באַלד דערזען דאָס פֿייער. אַניט וואָלט געווען אַ גרויס אומגליק. דאָס הויז איז געווען אַ פֿייער-פּאַסטקע, אַן אַלט הויז פֿון האָלץ מיט שמאָלע שטיגן, מיט אַלטע פֿייער-לייטערס.

מ׳האָט שוין לאַנג געדאַרפֿט דאָס הויז אַראָפּרייסן. דער לענדלאָרד האָט ניט געוואָלט, ווייל ער האָט יעדן מאָנאַט געקראָגן רענט פֿון די אָרעמע איינוואוינער.

# דאַמקעס

איך אַ גאַנג, דו אַ גאַנג.
גיכער גיי, טראַכט ניט לאַנג.

איך — אַ רוק, דו — אַ רוק.
נו, געגאַנגען? גיב אַ קוק!

קוק זיך צו, שפּיל מיט קאָפּ.
שלאָגסטו מיר אָפּ, שלאָג איך אָפּ.

שלאָגסטו מיר, שלאָג איך דיר.
דו מיר צוויי, איך דיר פֿיר!

דו — אַ גאַנג, איך — אַ גאַנג.
גיכער גיי, טראַכט ניט לאַנג.

נאָר אָן כּעס, נאָר אָן היץ,
נאַ דיר, שלאָג, איצטער זיץ!

# אַ מייסע מיט אַ כעלעמער קייסער און גאָלדענע שיך

אַמאָל האָט כעלם געהאַט אַ קייסער. האָט דער קייסער געטראָגן שיך פון פּראָסטן לעדער, ווי אַלע שיך. האָבן די מענטשן גאָרנישט געוואוסט, אַז ער איז אַ קייסער.

האָט דאָס די כעלעמער געקרענקט: זייער קייסער גייט אין גאַס און קיינער קוקט זיך גאָרנישט אום אויף אים. דאָס איז דערפֿאַר, וואָס ער טראָגט געוויינלעכע שיך.

האָבן די כעלעמער באַשלאָסן, אַז זייער קייסער זאָל טראָגן גאָלדענע שיך, וועט מען שוין וויסן, אַז ער איז דער קייסער און אים אָפּגעבן קאָוועד.

האָבן די כעלעמער צונויפגענומען זייער צירונג, אַוועקגעגעבן דעם גאָלדשמיד און באַשטעלט גאָלדענע שיך פאַרן קייסער.

איצט האָבן אַלע געוואוסט, אַז דאָס איז דער קייסער און אים אָפּגעגעבן קאָוועד.

דערווייל איז אין כעלם געוואָרן אַ גרויסע בלאָטע, האָבן זיך די שיך אויסגעשמירט און מ׳האָט שוין ווידער ניט געוואוסט, אַז דאָס איז דער קייסער.

האָבן די כעלעמער באַשלאָסן, אַז דער קייסער זאָל אָנטאָן אויף די גאָלדענע שיך פּראָסטע שיך, און דער קייסער האָט אָנגעטאָן די לעדערנע שיך איבער די גאָלדענע. די לעדערנע שיך האָבן טאַקע באַשיצט די גאָלדענע, זיי האָבן אָבער פאַרשטעלט דאָס גאָלד, און מ׳האָט ווידער נישט געוואוסט, אַז דאָס איז דער קייסער.

האָבן די כעלעמער ווידער באַשלאָסן צו מאַכן אין די לעדערנע שיך גרויסע לעכער, עס זאָל זיך דורך זיי אַרויסזען דאָס גאָלד.

האָט דער קייסער אָנגעטאָן די געלעכערטע שיך איבער די גאָלדענע און זיך געלאָזט איבער די כעלעמער גאַסן. איז אָבער די בלאָטע געווען זייער גרויס, איז דורכגעקראָכן דורך די לעכער צום גאָלד און פאַרשמירט. האָט מען ווידער ניט געוואוסט, ווער ס׳איז דער קייסער.

איז ווידער געווען שלעכט און מ׳האָט באַשלאָסן, פאַרשטאָפּן די לעכער מיט שטרוי.

איז אָבער ווידער אַ צאָרע. מ׳האָט נישט אַרויסגעזען דאָס גאָלד צוליבן שטרוי.

זיינען די כעלעמער געפאַלן אויף אַזאַ פּלאַן:

דער קייסער זאָל טראָגן די גאָלדענע שיך אין די הענט, וועט זיי די בלאָטע ניט אויסשמירן. אין דער זעלבער צייט וועלן אַלע וויסן, אַז דאָס גייט דער קעניג. און אויף די פיס האָט דער קייסער אָנגעטאָן די לעדערנע שיך מיט די לעכער, וועלכע זיינען געווען פאַרשטאָפּט מיט שטרוי.

איצט האָבן שוין אַלע געוואוסט, אַז דאָס איז דער קייסער. ווייל ווען נאָר ער האָט זיך באַוויזן אין גאַס, האָט ער מיט זיך געטראָגן די גאָלדענע שיך און זיי געהאַלטן אויסגעשטרעקט פאַרן גאַנצן עולם.



# לאַבזיק און דער סטרייק

קומט איינמאָל פֿאַרנאַכט אַהיים בערל דער אָפּרייטער מיט די לאַכנדיקע אויגן און זאָגט ניט :

— אַ גוטן אָוונט דיר, מיין ווייב מאַלי, אַ גוטן אָוונט דיר, מיין טעכטערל ריפקע, אַ גוטן אָוונט דיר, מיין זון מוליק, און אַ גוטן אָוונט דיר אויך, הינטעלע לאַבזיק.

ניין, ער זאָגט ניט אַזוי, נאָר ער זעצט זיך אַנידער ביים טיש און זאָרגט זיך. זעצט זיך די מאַמע מאַלי אויך אַנידער ביים טיש, און מוליק און ריפקע, און לאַבזיק, און זאָרגן זיך אויך, וואָס בערל זאָרגט זיך.

גיט בערל מיט אַ מאָל אַ קלאַפּ אין טיש און טוט אַ זאָג :

— אַ קאַפּאָרע, וואָס זאָרגט איר זיך אַלע ? וואָס דערלאַנגט איר ניט די וועטשערע ? איך בין הונגעריק.

רופֿט זיך אָן די מאַמע מאַלי :

— ניין, איך וועל דיר ניט דערלאַנגען די וועטשערע.

— פֿאַרוואָס ? — פֿרעגט בערל דער אָפּרייטער.

— דערפֿאַר — ענטפֿערט די מאַמע — ווייל דו האָסט מיר ניט געזאָגט אַ גוטן אָוונט, אויך ניט צו די קינדערלעך און אויך ניט צום הינטעלע.

— איך האָב ניט געזאָגט אַ גוטן אָוונט ? — וואונדערט זיך בערל — זע נאָר טאַקע. אַ גוטן אָוונט דיר, מיין ווייב מאַלי, און דיר, מיין זון מוליק, און דיר, מיין טעכטערל ריפקע, און דיר אויך, הינטעלע לאַבזיק. נו, דערלאַנג שוין די וועטשערע.

— ניין, איך וועל דיר נאָך אַלץ ניט דערלאַנגען — איז נאָך ברוגעז די מאַמע.

— פאַרוואָס? — מאַכט בערל — איך האָב דאָך שוין געזאָגט אַ גוטן אָוונט.

— יאָ, האָסט געזאָגט — זאָגט די מאַמע — אָבער מיר ווילן דאָך אויך וויסן, פאַרוואָס דו זאָרגסט זיך.

— האָ, איך זאָרג זיך, זאָגסטו מאַלי — מאַכט דער טאַטע — יאָ, איך זאָרג זיך טאַקע צוליבן סטרייק.

— סטרייק?! — רופט אויס די מאַמע און גיט אַ פּליעסקע מיט די הענט.

— סטרייק! — שרייט אויס מוליק און שטעלט אַרויס אַ פּאָר גרויסע אויגן.

— סטרייק! — גיט זיך ריפקעלע אַ פּאַטש אין דער באַק.

— האָוו, האָוו — גיט לאַבזיק אַ האָווקע. פאַרשטייט זיך, אַז ער ווייס גאָרניט וואָס עס קומט דאָ פּאָר. אָבער אַז אַלע זאָגן, דאַרף ער דאָך אויך עפּעס זאָגן.

— יאָ, סטרייק — ענטפערט בערל — אַ סטרייק קעגן באָס. דער באָס וויל, אַז מיר זאָלן אַרבעטן ביז 9 אַזייגער ביינאַכט, און מיר ווילן ניט. מיר זאָגן, אַז אויב מיר וועלן אַרבעטן ביז ניין אַזייגער ביינאַכט, וועלן מיר קראַנק ווערן פון שווערער אַרבעט.

— אויב אַזוי — מאַכט די מאַמע — לאָמיר זשע אָפּעסן וועטשערע און זיך לייגן שלאָפן, וועל איך מיט דיר מאָרגן גיין צום שאָפּ און דיר העלפן סטרייקן.

— איך וועל דיר אויך העלפן סטרייקן — רופט זיך אָן מוליק.

— און איך — זאָגט ריפקעלע.

— האָוו, האָוו — מישט זיך אויך אַריין לאַבזיק.

# אַלע פאַר איינעם — איינער פאַר אַלע



ביי דער אַרבעט, ביי דער מאַשין,
אויפן יאַם, אָדער באַן,
אין פעלד און אין שטאָט
אַזאַ ליד איז פאַראַן:
אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע.

ווייס קאָליר, אָדער געל,
ברוינע הויט, אָדער שוואַרץ,
אַלע איינס, אַלע איינס,
ווער עס האָט אַ גוט האַרץ —
אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע.

# דער סטרייק

אַלע שעפּער האָבן דערקלערט אַ סטרייק. דאָס הייסט, אַלע שניידער, וויפל ס׳איז פאַראַן אין ניו יאָרק, האָבן אַוועקגעלייגט שער און אייזן און — אַ גוטן טאָג.

ווי, ווי, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן! אין דער היים, אויף דער גאַס, אין טעאַטער. מען קלייבט זיך צונויף אַהין אַלע שניידער פון גאַנץ ניו יאָרק אויף אַ מיטינג. און מען רעדט, און מען רעדט. איר הערט זיך דאָרט אָן אַזעלכע ווערטער, וואָס איר האָט זיי קיינמאָל ניט געהערט: „דזשענעראַל סטרייק״, „יוניאָן״, „אָרגאַניזירט״, „העכערע סכירעס״, „בעסערע באַהאַנדלונג״, „סטרייק־ברעכער״, „פּיקעט״ . . . און נאָך און נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס איר פאַרשטייט זיי ניט.

מיין כאַווער מענדל זאָגט, אַז ער פאַרשטייט זיי יאָ, נאָר געבן מיר צו פאַרשטיין קאָן ער ניט.

— וועסט ווערן עלטער — זאָגט ער מיר — וועסטו אַליין פאַרשטיין.

עס קאָן זיין. דערווייל קוק איך זיך צו, ווי דער עולם היצט זיך. און עס בייסן מיר די הענט. עס גלוסט זיך מיר זיי אַלע אַראָפּכאַפּן אויף פּאַפּיר, אויסמאָלן איטלעכן באַזונדער, ווי ער זעט אויס, וואָס ער טוט, ווי אַזוי ער שטייט און ווי אַזוי ער רעדט.



# דער בעקער



קנעטט דער בעקער מעל מיט הייוון,
און ער הייצט דעם גרויסן אויוון.
ברענט דאָס פייער, פונקען קנאַקן,
נעמט דאָס ברויט זיך בעסער באַקן.

קויפן מאַמעס ברויט, דאָס פרישע
און דערלאַנגען אויף די טישן.
עסן קינדער פריש ברויט,
זיינען זיי געזונט און רויט.



שאָלעם-אַלייכעם

# יוינע דער בעקער

יוינע איז אַ בעקער. רופט מען אים: יוינע דער בעקער. דאָס הייסט, ער אַליין באַקט נישט. באַקן, באַקן אַנדערע. ער קויפט נאָר מעל און פאַרקויפט ברויט. ער איז אַ בייזער ייד — סאַקאָנעס. ער האָט מיך איינמאָל געכאַפּט, ווען איך בין געווען ביי מיין ברודער עליע, וואָס האָט מיך מעכאַבעד געווען מיט אַ בייגל. דער בייגל איז געווען אַ פרישער, אַ וואַרעמער, נאָר וואָס אַרויס פון אויוון. איך זאָלט געווען זען זיין פּאָנעם מיט זיינע גאַזלאָנישע אויגן! פון דעמאָלט אָן גיי איך שוין מער נישט אַהין. איך זאָל וויסן — גאָלד! אַ ייד זאָל האָבן אַ טעווע אָננעמען פאַרן

קאַלנער און אַרויסוואַרפן פון יענער זייט טיר, און נאָך געבן גוטע דריי קלעפּ פון הינטן!

איך האָב אָבער דערלעבט אין אים אַ נעקאָמע.

### דער סטרייק

איין מאָל זיינען אַלע בעקערס אויפגעשטאַנען, גענומען זייערע פעקלעך און אַוועק. זיי ווען מער ניט באַקן ביי אים, סיידן ער וועט זיי העכערן דעם פּרייז אויף אַ רובל אַ וואָך, וועט זיי לאָזן אויף ביינאַכט אַהיים שלאָפן און וועט זיי נישט שלאָגן מיט די הענט גלייך אין די ציין אַריין. ביי יוינע דעם בעקער איז אַזאַ טעווע: באַלד עפּעס — גיט ער מיט די הענט אין די ציין אַריין.

יוינע איז געוואָרן אָנגעצונדן. ער איז שוין אַ באַלעבאָס פון היפּשע עטלעכע יאָר. האָט זיך אים נאָך נישט גע-טראָפן, אַז אַן אַרבעטער זאָל גאָר זאָגן אַ דייע, ווי אַזוי צו שלאָגן זיך. פון העכערן דעם פּרייז איז גאָר נישטאָ וואָס צו רעדן. ער קאָן קריגן צען אַנדערע אויף זייער אָרט. אַ טייערע מעציע — אַרבעטער! קאַרג מענטשן שטאַרבן פון הונגער?

איז ער אַוועק זוכן בעקערס. נישטאָ קיין בעקערס. קיינער וויל נישט גיין, ביז ער וועט נישט צונעמען אַלע פריערדיקע בעקערס און ביז ער וועט נישט אויספילן אַלע דריי זאַכן:

1. אַ רובל אַ וואָך.
2. ביינאַכט אַהיים שלאָפן.
3. נישט שלאָגן זיך מיט די הענט אין די ציין...

שיין געוועזן אָנקוקן, ווי יוינע האָט זיך געקאָכט, גע-קלאַפּט מיט די הענט אין טיש. איי, האָב איך געהאַט אַ נעקאָמע!

# אַ גאָלדענע זון

אַזאַ מאָדנע איז די זון:
ווען איך שפּיל זיך אויף דער גאַס,
קושט זי מיר די באַקן אוים
און זי שטיפט מיט מיר און שפּאַסט.

נאָר אין שטוב אַריין צו מיר
קומט זי קיינמאָל ניט אַריין,
כאָטש ס׳איז טונקל אין מיין שטוב,
אָן אַ ביסל זונענשיין.

און פאַרקערט, אין שאָכנס הויז.
כאָטש ס׳איז ליכטיק דאָרט סיי ווי,
קומט זי אַלע טאָג, די זון
און זי שיינט נאָך דאָרטן צו.

שיינט נאָר דאָרטן, וואו מען דאַרף ניט,
וואו ס׳איז ליכטיק אויך אָן איר.
דאָרטן אָבער, וואו מען דאַרף זי,
מיידט זי שטענדיק אוים די טיר...

# בעני מיט דער פּעני

דער יינגל בעני האָט געקראָגן אַ פּעני.

נו, האָט בעני גענומען די פּעני און גענומען גלייך לויפן אין קראָם עפּעס קויפן.

איז ער פאַרבייגעלאָפן אַ בעקעריי, האָט ער דאָרטן דערזען גוטע זאַכן — איי-איי-איי! האָט זיך אים פאַרוואָלט און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

טראַכט בעני: וואָס זאָל ער קויפן פאַר זיין פּעני? וואָס פעלט דעם לעקעך, ווען ס'איז נאָר ניט טייער דער מעקעך.

און בעני גייט טאַקע אַריין גלייך אין דער בעקעריי און ער ווייזט אָן מיטן פינגער אויפן לעקעך, פרעגנדיק דעם מעקעך:

— ווי טייער?

— בראַנד-פייער!

פרעגט בעני:

— און וויפיל איז אַ שטיקל?

ענטפערט דער בעקער:

— ניט ווייניקער ווי אַ ניקל.

מאַכט בעני:

— איך האָב אָבער אַ פּעני!

— אַ פּעני איז ניט גענוג.

פרעגט בעני:

— און וואו זאָל איך נעמען מער ווי אַ פּעני?

— בעט ביי דיין פאָטער!

— פון וואַנען האָט ער?

— טאָ בעט ביי דײַן זיידן אָדער ביי דײַן באָבען.

— פון וואַנען זאָלן זיי האָבן?

— טאָ גיי און פאַרדין!

— אַזוי קליין ווי איך בין?

— אָ, וועסט קלענערע געפינען, וואָס גייען פאַרדינען!

— אָבער ביי וואָס קאָן איך פאַרדינען?

— אַ דייגע ביי וואָס! דו וועסט שוין געפינען. קענסט צייטונגען פאַרקויפן אָדער אַ גאַנג פאַר ווער־עמען לויפן.

פרעגט בעני:

— ווער־עמען זאָל איך צייטונגען פאַרקויפן און פאַר ווער־עמען אַ גאַנג זאָל איך לויפן?

— אויב דו האָסט ניט פאַר ווער־עמען, וועל איך דיך נעמען.

און בעני איז געבליבן ביים בעקער אַרבעטן: אַ גאַנג געגאַנגען, די בייגל געהאַנגען, געריבן דעם מאָן און אַנדערע זאַכן געטאָן.

ער האָט אָפּגעאַרבעט דעם טאָג, האָט אים דער בעקער געגעבן פּונקט אַכצן פּענים און געהייסן אים אויך מאָרגן קומען.

בעני איז מיט די אַכצן פּענים אַהיים געקומען, פרעגט אים דער טאַטע און עס פרעגט אים די מאַמע:

— וואו האָסטו דאָס גענומען?

ער האָט זיי דערציילט די גאַנצע מייסע פון אָנהויב ביז סאָף און פון אַלעף ביז טאָוו.

און אַזוי איז געבליבן; בעני איז געגאַנגען אַלע טאָג צום בעקער אַרבעטן: אַ גאַנג געגאַנגען, די בייגל גע־האַנגען, געריבן דעם מאָן און אַנדערע זאַכן געטאָן.

# גרינע אין לאָנדאָן

מיר גייען אַריין אַלע אין טראַמוויי, איך, און מיין ברודער עליע, און אונדזער כאַווער פיניע, און די מאַמע, און בראָכע, און טייבל; און מיר פאָרן. גייט צו דער קאָנ-דוקטער און הייסט זיך, מען זאָל נעמען בילעטן.

שטעלט זיך אַרויס פיניע און פרעגט אים:

— וויפיל?

זאָגט דער קאָנדוקטער:

— פייף!

פרעגט אים פיניע נאָכאַמאָל: — וויפיל?

זאָגט אים דער קאָנדוקטער ווידער אַמאָל שוין מיט קאַס:

— פ - יי - ף!

דרייט זיך אויס צו אונדז פיניע און זאָגט:

— איר הערט? ער הייסט מיר פייפן.

גייט צו מיין ברודער עליע און פרעגט אים מיט די הענט:

— וויפיל קאָסט אַ פאָר?

זאָגט אים דער קאָנדוקטער, שוין רעכט אין קאַס:

— פ יי ף.

צעלאַכט זיך פיניע און עליע רופט זיך אָן צום קאָנ-דוקטער, שוין אויך אין קאַס:

— פייף אַליין!

ווערט דער קאָנדוקטער בייז, טוט אַ ציביים שטריק, שטעלט אָפּ דעם טראַמוויי און וואַרפט אונדז אַרויס.

צום סאָף לאָזט זיך אויס, אַז דאָס וואָס דער קאָנדוקטער האָט געפייפט, האָט ער דאָס געמיינט פינף.

# אין ניו יאָרק אויף דער סטריט

אַלצדינג אויף דער וועלט האָט אַן עק. געקומען אַ סאָף צו אונדזער אַריינפאָר אין ניו יאָרק. מיר זיינען שוין אויף דער גאַס. דאָ הייסט עס „סטריט".

ווען איך זאָל ניט וויסן, אַז מיר זיינען אין אַמעריקע, וואָלט איך זיכער געמיינט, אַז מיר זיינען אין בראָד, אָדער אין לעמבערג. די אייגענע יידן, די אייגענע ווייבער, די אייגענע געוואַלטן, דאָס אייגענע מיסט, וואָס דאָרטן. נישט מער, דער טומל מיטן האַרמידער איז דאָ אַ סאַך גרעסער. און דער ראַש איז שטאַרקער, הילכיקער. אויך די מויערן זיינען העכער. אַ סאַך העכער. זעקס שטאָק איז אַ געלעכטער. פאַראַן הייזער פון צוועלף שטאָק. און פון צוואַנציק. און פון דרייסיק. און פון פערציק. און נאָך העכער.

*****

ווער עס האָט ניט געזען די ניו יאָרקער סטריט — דער האָט קיין שיינס ניט געזען. וואָס געפינט איר ניט אויף דער סטריט? יידן האַנדלען. ווייבער זיצן און שמועסן. קינדער אין די וועגעלעך שלאָפן. גרעסערע קינדער שפּילן זיך. און שפּילט שפּילן מען זיך מיט טויזנטערליי שפּילערייען: מיט קנעפּלעך, מיט רעדעלעך, אין באָל, אין וועגעלעך, אין שליטעלעך און אין „סקייטס". דאָס איז אַ מין זאַך אויף פיר רעדלעך, צוגעבונדן צו די פיס, און אויף דעם ו'עדלט מען. מען קאָן טויב ווערן פון דעם געפּילדער, וואָס די קינדער הויבן אויף אויף דער סטריט.

*****

איינמאָל בין איך מיט מענדלען געווען אויף דער סטריט און גע־שפּילט אין „טשעקערס". דאָס איז אַ שפּיל מיט קיילעכיקע הילצערנע קנעפּלעך, וואָס מען שיסט מיט זיי. איז אָנגעקומען סאַמע אין רעכטן שפּיל מיין ברודער עליע. האָט ער מיך, נאָך דער אַלטער מאָדע, אָנ־געכאַפּט ביים אויער מיט איין האַנט און מיט דער אַנדערער געווען גרייט מיר שענקען אַ פּאָר פיינע פּעטש. וואַקסט אויס אַ בוי, אַ יונגאַטש, ווי פון אונטער דער ערד. ער לויפט צו צו מיין ברודער און רייסט מיך אַרויס פון זיינע הענט. אַ ברודער, נישט אַ ברודער — שלאָגן אַ קלענערן פון זיך טאָר מען ניט . . .

נו, גייט האָט ניט ליב אַזאַ לאַנד!

# פון ווייטן לאַנד

באָבע,
כ׳האָב דיין בריוו געלייענט.
ס׳האָבן אַלע אין שטוב געהערט.
די מאַמע האָט דערביי געוויינט,
דער טאַטע האָט געווישט אַ טרער...

שרייבסט אין בריוו אַזויפיל נייעס,
פון דיין פאָטערלאַנד, דעם ווייטן:
מענטשן, ווי די ווילדע כייעס,
פאַלן אָן איינס אויפן צווייטן.

טירן ברעכט מען פון די קראָמען,
און מען הרגעט גרייז און קינד.
יאָ, ווי רופסטו דאָס — „פּאָגראָמען",
מיעס. ווי שרעקלעך מיעס דאָס קלינגט!

זיי געזונט! איך לאָז דיך גריסן.
כ׳איייל זיך אין דער שול צו גיין.
ס׳שיקט די זון שוין הייסע קושן,
דורך מיין פענצטערל אַריין...

# אַזאַ לאַנד איז אַ שאַנד

אַ טאַטע גייט אַריין מיט זיין יינגעלע אין אַ קראָם קויפן פאַר אים אַ שפּילעכל. ווייזט מען אים אַ פערדל, אַ שווערדל, אַ באַן, אַן עראָפּלאַן און אַנדערע שפּילעכלעך.

פרעגט דער טאַטע זיין יינגעלע :

— זאָג, וואָס געפעלט דיר בעסער ?

קלערט דאָס יינגעלע און זאָגט :

— מיר געפעלט בעסער אַ באַן.

נעמט דער טאַטע די באַן, באַקוקט דאָס שפּילעכל פון אַלע זייטן און לייגט עס אַוועק.

— ניין — זאָגט ער — דאָס שפּילעכל קויף איך נישט.

— פאַרוואָס ? — פרעגט דאָס יינגעלע.

— ווייל עס איז געמאַכט געוואָרן אין דייטשלאַנד.

— וואָס זשע אַרט דיך ?

— איך בין מיט דייטשלאַנד ברוגז.

— פאַרוואָס ביסטו ברוגז ?

— ווייל אַזאַ רעגירונג ווי דאָרט אין לאַנד איז אַ גרויסע שאַנד.

— פאַרוואָס איז די רעגירונג דאָרט אין לאַנד אַ שאַנד ?

— ווייל עס הערשן דאָרט די היטלערס און די גוטע מענטשן זעצן זיי אַריין אין טורמעס און די שלעכטע לאָזן זיי אַרומגיין פריי.

דערהערט דאָס יינגעלע אַזאַ זאַך, זאָגט ער :

— קויף זשע מיר אַן עראָפּלאַן.

הייסט דער טאַטע זיך געבן אַן עראָפּלאַן, טוט אויף דעם אַ קוק און גיט עס באַלד אָפּ צוריק.

— מיסטער — זאָגט ער — איר האָט נישט קיין שפּילעכלער. וואָס ווערן נישט געמאַכט אין דייטשלאַנד?

— ניין!

— אויב אַזוי, האָט מיר אַ גוטן טאָג.

דער טאַטע מיטן קינד זיינען אוועק.

אַזוי איז פאָרגעקומען מיט נאָך מענטשן, וואָס זיינען געקומען קויפן בלייפעדער, אַ שניצער. דערזען, אַז ס'איז געמאַכט אין דייטש־לאַנד, זיינען זיי גלייך אַרויס פון דער קראָם.

פאַרנאַכט קומט דעם קרעמערס ווייב נאָך געלט אויף קויפן עסן. ווייזט איר דער מאַן אַ ליידיקע קאַסע.

— וואָס איז? — פרעגט דעם קרעמערס ווייב.

— מ'וויל נישט קויפן קיין דייטשע סכוירעס.

דערהערט די געשיכטע, זאָגט די ווייב:

— וואָס זשע שטייסטו ווי אַ לעקיש? פּאַק איין די סכוירע און שיק גלייך אָפּ צוריק.

האָט דער קרעמער איינגעפּאַקט די סכוירע, אַוועקגעשיקט צוריק קיין דייטשלאַנד. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַזאַ בריוועלע:

„די מענטשן ווילן נישט קויפן קיין סכוירע פון דייטשלאַנד אַזוי לאַנג, ווי די היטלערס הערשן אין לאַנד. באַפרייט זיך פון די היטלערס, וועלן די מענטשן ווידער נעמען קויפן דייטשע סכוירעס. באַפרייט די גוטע מענטשן און זעצט אַריין די היטלערס אין די טורמעס."

# דער פראָש



געווען איז אַ פראָש
מיט אַ גרין סאַמעט קלייד,
קוואַ-קוואַ.
מיט אַ שירצל אַ ווייסן
פון פאָרנט פאַרשפרייט,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.

זיין קאַמער געפלאַסטערט
מיט גרינעם אַאיר,
קוואַ-קוואַ.
פון שטראַלן די פענצטער,
פון וואַסער די טיר,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.

פונעם ברעג אינעם טייך
און פון טייך אויפן ברעג,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.
אַ זונג און אַ שפרונג,
אַזוי גייען די טעג,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.

ביז געקומען אַ בושל
אַ הויכער צו גיין,
קוואַ-קוואַ.
די פּיס ווי די שפּענער,
דער שנאָבל ווי שטיין.
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.

האָט גענומען דעם פּראָש
מיטן גרין סאַמעט קלייד,
קוואַ-קוואַ.
און די קינדערלעך זיינע
אַ סודע געגרייט,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.

ר ע ט ע נ י ש :

אַ ליילעך געשפּרייט,
אַרבעס געזייט,
אַ טעלער אין מיטן שטייט.

# סענדער נאַר

סענדער נאַר האָט געהאַט אַ ציג, וואָס האָט זיך גע־מאָלקן און געגעבן אַ פול שעפל מיט מילך. האָט סענדער געטראַכט און געפּאַלן אויף אַ פּלאַן:

— אויב מען מעלקט אַ ציג, גיט זי מילך, טאָ פאַרוואָס זאָל מען ניט קאָנען מעלקן אַ מולטער און קריגן ברויט? אויב מען מעלקט אַ מולטער און ער גיט ברויט, טאָ פאַר־וואָס זאָל מען ניט קאָנען מעלקן אַ בינשטאָק און קריגן האָניק? אויב מען מעלקט אַ בינשטאָק און מען קריגט האָניק, טאָ פאַרוואָס זאָל מען ניט קאָנען מעלקן אַ מילך־פלאַש און קריגן פּוטער?

און טאַקע גלייך האָט זיך סענדער גענומען צו דער אַרבעט: ער איז אַוועק אין אַ קראָם און געקויפט אַ מולטער. נאָכדעם איז ער אַוועק צו אַ סטאָליער און געהייסן זיך מאַכן אַ בינשטאָק. ער האָט געפונען אין גאַס אַ מילך־פלאַש און געבראַכט אין הויז.

אַ פרייטיקער האָט סענדער־נאַר אויסגעשטעלט די אַלע זאַכן און גענומען זיי מעלקן. ער איז געווען הונגעריק, האָט ער געוואָלט האָבן ברויט. ער מעלקט און מעלקט דעם מולטער און קיין ברויט קומט ניט אַרויס.

ער האָט געמאָלקן דעם בינשטאָק און ניט געקראָגן קיין האָניק. געמאָלקן די פלאַש און ניט געקראָגן קיין פּוטער. האָט סענדער געטראַכט און געטראַכט. און זיך דערמאָנט, אַז ווען זיין ציג איז נאָך געווען זייער יונג, האָט זי זיך אויך ניט געמאָלקן.

אויב אַזוי, ווייסט שוין סענדער־נאַר, פאַרוואָס זיינע קיילים מעלקן זיך ניט. עס איז דערפאַר, וואָס זיי זיינען נאָך ניי און יונג. ער האָט באַשלאָסן צו וואַרטן, ביז זיינע קיילים וועלן עלטער ווערן, אַזוי ווי זיין ציג. דעמאָלט וועט ער קאָנען מעלקן אַלע גוטע זאַכן.

סענדער דער נאַר זיצט נאָך אַלץ און וואַרט: זיין מולטער זאָל זיך מעלקן מיט ברויט, זיין בינשטאָק — מיט האָניק און זיין פלעשל — מיט פּוטער. . . .



# פרילינג

פרילינג קומט אויף אַלע וועגן,
לויפט דעם ליבן גאַסט אַנטקעגן!
לויפט צום וואַלד, לויפט צום פעלד —
אומעטום אַ פרייע וועלט!
קלינגט און זינגט, שפּרינגט און ברומט!
פרילינג קומט, פרילינג קומט!

טרעף:

ניט קיין בוים און פול מיט בלעטער,
ניט קיין מענטש און צו דער זאַך רעדט ער.

# מאָטקע פרייליעד

איינמאָל האָט מען מאָטקען איינגעלאַדן אויף אַ מאָל-צייט. אַלע געסט האָט מען געגעבן זופּ מיט לאָקשן, מאָטקען — זופּ אַליין.

האָט דאָס אים פאַרדראָסן. די געסט זעען: ער האָט מיטאַמאָל גענומען אויסטאָן זיין ראָק.

פרעגן אים די געסט:

— וואָס טוסטו, מאָטקע?

ענטפערט מאָטקע:

— איך וועל זיך לאָזן שווימען נאָך אַ לאָקש...

*****

מאָטקע איז אַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון אַלע טרעפּ. ער האָט זיך אָבער ניט שטאַרק צעשלאָגן. ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז געגאַנגען ווייטער.

דערהערט אַ שטאַרקן קלאַפּ, זיינען אַ סאַך מענטשן אַרויס פון די הייזער, זען וואָס עס האָט געטראָפן.

זעען זיי מאָטקען. פרעגן זיי אים:

— וואָס איז געשען?

ענטפערט מאָטקע:

— גאָרנישט, גאָרנישט. מיין מאַנטל איז אַראָפּגעפאַלן פון די טרעפּ.

וואונדערן זיך אַלע:

— פון אַ מאַנטל זאָל זיין אַזאַ קלאַפּ?

זאָגט מאָטקע:

— איך בין אויך געלעגן אין מאַנטל...

# אַ מייסע וועגן אַ סטראַשידלע מיט פייגל

אין פרילינג, ווען איך האָב
מיין גאָרטן פריש פאַרזייט,
האָבן אויף די ביימער
די פייגל זיך דערפרייט.

זיי פליען אין מיין גאָרטן
מיט אַ ציף און ציף,
אַלע פרישע קערנער
נאַשן זיי מיר אויף.

רופט זיך אָן מיין יינגל:
— מאַ, איך האָב אַ פּלאַן.
מירן שטעלן אין דעם גאָרטן
פון האָלץ אַ שרעקער־מאַן.

ער לויפט און ברענגט אַ שטעקן
מיט אַ קליינעם שטאָק,
איך לויף און ברענג אַ קאַפּעליוש —
ער לויפט און ברענגט אַ ראָק.

דער קאַפּעליוש — אַן אַלטער —
דריי דוירעם מיט אַ לאָך,
אין קאַפּעליוש אין מיטן
איז דאָ אַ טיפע לאָך.

האָבן זיך די פייגל
צעזונגען און צעלאַכט.
אין קאַפּעליוש פון שרעקער —
אַ נעסט פאַר זיך געמאַכט.



קאַרל מאַרקס

# קאַרל מאַרקס

עס הענגט אַ בילד
ביי אונדז אין שול
פון אַ גרויסן מענטשן
לעבן לערערס שטול.

וואָלט איצט זיין קאַרל מאַרקס,
וואָלט ער אונדז נעמען אויף די פּלייצעס,
וואָלט שפּילן זיך מיט אונדז
און געגעבן אייצעס.

וואָלט איך פרעגן זיך ביי אים,
צי וואָלט ער איצט געקענט
מאַכן, אַז דער לענדלאָרד
זאָל נישט מאָנען קיין רענט.

וואָלט איך פרעגן זיך ביי אים,
ער זאָל רעכענען אויף גיך,
וואו נעמט אַן אָרעם יינגל
אויף אַ פּאָר שיך.

# דער ערשטער מיי
## איז דער יאָנטעוו פון די אַרבעטער איבער דער
## גאַנצער וועלט.



## דער ערשטער מיי

טאַטעס און מאַמעס,
און קינדער — צוזאַמען.
און איבער די קעפּ —
רויטע פאָנען, ווי פלאַמען.

טאַטעס און מאַמעס,
און קינדער — מיט לידער.
אומעטום שפּאַנען היינט
אַרבעטער-ברידער.

רופן די פאָנען,
פירן די לידער
צו פרייד און צו פרייהייט
די אַרבעטער-ברידער.

# עטלס איינפאַל

עטלס טאַטע איז געקומען אַהיים און האָט דערציילט, אַז דעם ערשטן מיי וועט ער מיט אַלע אַרבעטער פון שאַפּ מאַרשירן. ער האָט געזאָגט, אַז אַלע אַרבעטער וועלן גיין איבער די גאַסן מיט לידער, מוזיק און פאָנען.

האָט עטל אויך געוואָלט גיין מיטן טאַטן.

— נעם מיך מיט, טאַטע — האָט עטל געבעטן.

— גוט — האָט צוגעזאָגט דער טאַטע.

עטל לייגט זיך שלאָפן. זי האָט אָבער מורא, טאָמער פאַרשלאָפט זי, און דער טאַטע וועט פאַרגעסן זי נעמען צום פּאַראַד.

מיט אַ מאָל שפּרינגט זי אַראָפּ פון בעט; זי זוכט אויף אַ לאַנג שטריקל און בינדט עס צו מיט איין עק צום טאַטנס שוך און מיט דעם צווייטן עק צו איר האַנט. אַז דער טאַטע וועט מאָרגן נעמען דעם שוך, וועט ער אַ ציִ טאָן דאָס שטריקל, וועט זי זיך גלייך אויפכאַפּן.

אין דער פרי, ווען דער טאַטע איז אויפגעשטאַנען, האָט ער געוואָלט אָנטאָן די שיך. ער האָט דערזען אַרום אַ שוך אַ שטריקל. ער האָט אַ שטאַרקן ציִ געטאָן פאַרן שטריקל. עטל האָט אַ געשריי געטאָן און זיך אויפגעכאַפּט.

— איך האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט פאַרגעסן מיך אויפצו־וועקן — האָט עטל געזאָגט מיט אַ פריילעך געלעכטער — האָב איך צוגעבונדן דאָס שטריקל.

האָט עטל מאַרשירט מיטן טאַטן און מיט אַלע אַרבעטער. אירע אויגן האָבן געשיינט פון פרייד.

# אַנהייב פרילינג

דער הימל ריין, דער הימל בלוי,
עס שימערט און עס שיינט ;
און פרעמדע מענטשן גריסן זיך
אַזוי ווי גוטע פריינט.

די גאַס איז פול מיט קינדערלעך,
מען טאַנצט ביי יעדן הויז ;
און פון אַ פענצטער שמייכלענדיק
אַ מוטער קוקט אַרויס.

ס׳איז שיינענדיק און לעבעדיק,
און טומלדיק אַרום ;
אין מיטן גאַס צוויי שפּערלינגלעך,
צוויי קליינע טאַנצן אום.

— צוויי־טשיר, צוויי־טשיר, מיין טייערע,
ס׳איז פרילינג, וואָס זאָגסטו ?
— געוויס, מיין ליבער — צווימשערט איך
זיין כאַווערטע אים צו.

אוןביידע אויף דער מיטן גאַס
צופרידן טאַנצן אום.
ס׳איז לעבעדיק און טומלדיק
און שיינענדיק אַרום.

# דער ערשטער מיי

איז יינגעלע אַוועק מיט זיין רינגעלע.

גייט ער און גייט, ערשט ער באַגעגנט אַ פּאַראַד מיט מוזיק און געזאַנג. עס מאַרשירן מענטשן אָן אַ שיר, אָנגעטאָן אין אַרבעט־קליידער מיט געצייג אין די הענט; ווער עס טראָגט אַ האַק און ווער אַ האַמער, ווער אַ זעג און ווער אַ דלאָטע, ווער אַ רידל און ווער אַ שער און אַלע זינגען זיי:

ערשטער מיי, ערשטער מיי —

אַלע מענטשן זיינען פריי.

און פאָרויס פאַר דעם פּאַראַד איז געפאָרן דער פירער. פרעגט ביי אים יינגעלע־רינגעלע:

— וואָס פאַר אַ פּאַראַד איז דאָס ביי אייך?

ענטפערט אים דער פירער:

— היינט איז דאָך דער ערשטער מיי, און מיר זיינען אַרבעטער, און דער ערשטער מיי איז אונדזער יאָנטעוו.

גיט זיך אַ כאַפּ יינגעלע־רינגעלע:

— איך ווייס! איך ווייס!

רופט זיך אָן דערנאָך דער פירער:

— און ביי אייך, קינדער, איז דאָך היינט אויך יאָנטעוו. גייסט גאָרניט, יינגעלע, צו דעם קינדערשן יאָנטעוו?

ענטפערט יינגעלע־רינגעלע:

— איך גיי גאָר צום מיילעך אין פּאַלאַץ.

צעלאָכט זיך דער פירער און אַלע אַרבעטער נאָך אים און זיי זינגען אַלע אויס:

— יינגל, יינגל, זײַ ניט קיין נאַר!

מ׳דאַרף ניט קיין מיילער, מ׳דאַרף ניט קיין האָר!

האָט זיך יינגעלע-רינגעלע פאַרשעמט און די אויגן אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד. ווען ער האָט צוריק אויפגעהויבן די אויגן, האָט ער דערזען, אַז דער אַרבעטער-פּאַראַד איז שוין ניטאָ, און עס שטייען גאָר אַרום אים אַ סאַך קינדער, אַנגעטאָן יאָנטעוודיק און זיי טאַנצן און זיי זינגען:

— קינדער, קינדער, היינט איז מיי!

אַלץ איז פריש, אַלץ איז ניי.

און זיי האָבן אויך יינגעלע-רינגעלע אַריינגענומען אין קאַראַהאָד און ער האָט מיט זיי געטאַנצט און געזונגען.

# פאַרביי מיין פענצטער

פאַרביי מיין קליינעם פענצטערל
פליען ערגעץ פייגעלעך.
רופן מיך די פייגעלעך
און ווינקען מיט די אייגעלעך.

ווייל איך ווי די פייגעלעך
פליען ערגעץ ווייט,
מוז איך קאָכן וואַרעמס,
האָב איך ניט קיין צייט.

# יינגעלע־רינגעלע

דאָס יינגעלע מיטן רינגעלע איז אַרויס פון וואַלד, האָט דערזעען די פעלדער און זיך שטאַרק דערפרייט.

— אָ — האָט ער געזאָגט — איך בין פאָרט אַרויס פון דעם טיפן וואַלד. איצט איז ליכטיק און פריי.

גייט ער אַזוי און גייט, ביז ער איז געקומען צו אַ פעלד, וואו שניטער האָבן געאַרבעט און געזונגען:

מיר שניידן, מיר שניידן
פאַר אַנדערע ברויט.
מיר ליידן, מיר ליידן
ביטערע נויט.

פרעגט דאָס יינגעלע ביי די שניטער:

— וואָס פאַר אַ ליד זינגט איר דאָס? איך האָב אַזאַ ליד קיינמאָל ניט געהערט.

האָט איינער פון די שניטער זיך אָפּגעקערט פון דער אַרבעט און געזאָגט:

— ביסט נאָך קליין און ווייסט נאָך ניט אַלץ. דו ווייסט ניט, אַז שוסטער גייען באָרוועס, שניידער גייען נאַקעט און מיר, די שניטער, האָבן ניט קיין ברויט. מיר אַרבעטן פאַר פרעמדע און ניט פאַר זיך. די פרעמדע זיינען רייך און מיר — אָרעם.

דער שניטער האָט דערציילט דעם יינגעלע, אַז די פעלדער געהערן צו די רייכע באַלעבאַטים. די רייכע אַרבעטן ניט. זיי האָבן געדונגען אַנדערע מענטשן זאָלן אַרבעטן פאַר זיי פון פרי ביז פאַרנאַכט.

דאָס יינגעלע מיטן רינגעלע האָט שוין איצט פאַרשטאַנען פאַר־וואָס די שניטער זינגען אַזאַ ליד. האָט ער געזאָגט:

— דייגעט ניט, ליבע שניטער. איך גיי איצט צום פּאַרעץ פון לאַנד. איך וועל זען זיין יינגעלע און זיין מיידעלע. וועל איך זיי דערציילן, אַז איר האָט ניט גענוג ברויט, וועט ער אייך געבן מער.

אָבער דער שניטער האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איך זע, אַז דו ביסט אַ גוט יינגעלע, אָבער דו ביסט נאָך קליין און ווייסט ניט אַלץ. עס וועט ניט העלפן, וואָס דו וועסט דערציילן דעם פּאַרעץ. ער ווייסט אַליין, אַז מיר האָבן ניט גענוג ברויט. אָבער ער וועט אונדז מער ניט געבן. אַזוי זיינען אַלע רייכע. זיי קאָנען זיך קיינמאָל ניט אָנזעטיקן.

דאָ איז אָנגעקומען דער אויפזעער פון דעם פּאַרעץ. זעט ער, אַז דער שניטער רעדט, האָט ער גענומען שרייען.

די שניטער האָבן זיך ווידער איינגעבויגן איבער זייער אַרבעט.

# מאָטקע פריילעך

אַמאָל האָט די מאַמע געבעטן מאָטקען, ער זאָל ברענגען פון קיך אַ מעסער. מאָטקע איז געלאָפן און געבראַכט.

זאָגט די מאַמע:

— דאָס מעסער איז ניט ריין!

האָט מאָטקע געשריען:

— מאַמע! עס קען ניט זיין. דאָס מעסער איז שוין גאָר ריין... איך האָב ערשט ניט לאַנג מיט אים געשניטן זייף...

***

די מאַמע שרייט:

— מאָטל! מאָטל! שוין אַ האַלבע שאָ, ווי איך רוף דיך.

ענטפערט מאָטל:

— איז וואָס? שוין אַ האַלבע שאָ, ווי איך הער ניט...



יודזשין דעבס

# דעבס

עס איז געווען נאָך דער וועלט־מילכאָמע. דעבס איז געזעסן אין טורמע פאַר זיין קאַמף קעגן מילכאָמע.

ענדלעך איז געקומען די גוטע נייעס, אַז דעבס איז פריי, און אַז ער וועט זיין אַ גאַסט ביי די קינדער אין שול.

עס האָט יענעם אָוונט געגאָסן אַ גרויסער רעגן. די קינדער האָבן געוואַרט אויף דעבסן. מ׳האָט זיך געשראָקן, אַז צוליב זיין געזונט וועט ער עפשער ניט קאָנען קומען.

מיט אַ מאָל האָט זיך דעבס באַוויזן אין זאַל. די קינדער האָבן זיך אַזוי דערפרייט, אַז זיי האָבן ניט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן. זיי האָבן אַפּלאָדירט און געוואָרפן די היטלען אין דער לופטן.

דער פּאָרזיצער איז געווען אַ קינד פון דער מיטלשול. ער האָט איינגעשטילט די קינדער. אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט און געזונגען דעם אינטערנאַציאָנאַל.

די קינדער האָבן באַגריסט דעבסן. ער האָט געדריקט זייערע הענט. דערנאָך האָט דעבס דערציילט וועגן זיינע קינדער־יאָרן, ווי שווער ער האָט געאַרבעט. ער האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט באַשלאָסן צו ווערן אַ קעמפער.

וואָכן לאַנג האָבן די קינדער גערעדט וועגן דעם אָוונט מיט דעבסן.

# דאָס פּויקערל



פּויק! פּויק!
טראַ-ראַ-ראַם!
גאַסן רוישן,
ווי דער יאַם.

פּיס אַרויף,
פּיס אַראָפּ!
ברוסט פאָרויס,
שטאָלץ — דער קאָפּ!

פּויק! פּויק!
העכער, הויך!
יעדער טראָט
מיט פרישן קויעך!

לינקס — פאָרויס!
רעכטס — פאָרויס!
שפּרינגט פון פּויק
דאָס האַרץ אַרויס!

# אַ מאַטאַנע דער מאַמען אויף „מאַדערס דיי״

דאָס יאָר האָט איזי נישט געקאָנט אָפּשפּאָרן עפּעס געלט צו קויפן אַ מאַטאָנע פאַר דער מאַמען אויף „מאָדערס דיי״. אַמאָל, ווען דער פאָטער האָט געאַרבעט, פלעגט ער פון דער מאַמען אַלעמאָל באַקומען קליינגעלט. האָט ער געקליבן אַ סענט צו אַ סענט. דעמאָלט האָט איזי עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד געקלערט, וואָס ער זאָל קויפן דער מאַמען.

„מאָדערס דיי״ איז אָנגעקומען. איזי האָט געוואָלט צוגיין צו דער מאַמען און איר זאָגן:

— מאַמע, איך האָב היינט ניט קיין מאַטאָנע, אָבער אַז איך וועל אויסוואַקסן . . .

ער האָט געטראַכט ביי זיך: ניין, ער וועט דאָס ניט קאָנען אויסרעדן.

איזי איז געגאַנגען אין פּאַרק. אַ מידער האָט ער זיך געזעצט אויף אַ באַנק. ער האָט געקוקט מיט אומעטיקע אויגן אויפן גרויסן פּלאַץ, וואָס איז געווען פאַרפלאַנצט מיט רויטע בלומען.

דער היטער פון פּאַרק איז אייניקע מאָל פאַרבייגעגאַנגען זיין באַנק. פון אָנפאַנג האָט דער וועכטער געקוקט אויף איזין מיט פאַר־דאַכט. דערנאָך האָט ער זיך געזעצט אויף דער זעלביקער באַנק, וואו איזי איז געזעסן.

— וואָס זיצסטו אַליין, אַן כאַווירים? היינט איז דאָך „מאָדערס דיי״. האָסט נישט קיין מאַמען?

דעם היטערס פראַגע האָט איזין איבערגעשראָקן. שנעל האָט ער אים געענטפערט:

— איך האָב אַ מאַמע.

— איז האָסטו איר שוין געגעבן אַ מאַטאָנע צו „מאָדערם דיי״?

— ניין. איך האָב נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן.

דער אַלטער היטער פון פּאַרק האָט אַ ווײַלע געטראַכט:

— זאָל איך דיר געבן שיינע בלומען פאַר דיין מאַמען?

איזי עפנט ברייט זיינע בלויע אויגן. דאַכט זיך, אַז דער אַלטער היטער לאַכט פון אים.

— יאָ, איך קאָן דיר געבן זייער שיינע בלומען.

— איך וואָלט געווען גליקלעך — זאָגט איזי.

דער אַלטער היטער, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך יעדן קינד, וואָס האָט אַמאָל אַ טראָט געטאָן אויפן גראָז, איז איצט געווען גרייט צו געבן איזין בלומען אויף „מאָדערם דיי״.

איזי קוקט פון וויטן, ווי דער היטער שניידט בלום נאָך בלום.

דער היטער קומט צו צו איזין. אין האַנט האַלט ער אַ גרויסן בוקעט רויטע בלומען.

— דו ביסט אַ גוטער יינגל. גיי אַהיים און גיב די בלומען דיין מאַמען.

איזי איז שנעל געלאָפן אַהיים:

— מאַמע, דאָס איז פאַר דיר אויף „מאָדערם דיי״. דער היטער פון פּאַרק האָט מיר געגעבן.

— די שענסטע מאַטאָנע! — האָט די מאַמע געזאָגט.

זי האָט אַריינגעשטעלט די בלומען אין אַ גרויסער וואַזע.

איזיס אויגן האָבן געשטראַלט פאַר פרייד.

ר ע ט ע נ י ש:

| |
|---|
| אַליין בין איך אָרעם און דעם צווייטן מאַך איך רייך. |

# צו דער מאַמען

ליבע און טייערע מאַמע,
בעסטער און טייערסטער פריינט,
ווער ווייס, צי די זון, צי דיין פּאָנעם —
וואָס פון זיי ליכטיקער שיינט?...

דו עפנסט די ערשטע די אויגן —
אויף די פיס פון פאַרטאָג ביז ביינאַכט,
דער ווייטיק פון קינד איז אויך דיינער,
דיין פרייד — ווען דאָס קינד זיך צעלאַכט...

עס שרעקט דיך נישט אָפּ קיין שום מוירע,
עס שטעלט דיך נישט אָפּ קיין שום זאַך —
פרייד און געזונט פאַר דיר, מאַמע,
מיט יאָרן און יאָרן אַ סאַך!...

# די מאַמע איז קראַנק געוואָרן

אַז די מאַמע איז געוואָרן נישט געזונט און איז נאָר איין טאָג געלעגן אין בעט, איז געפאַלן אַן אומעט אויף דער גאַנצער שטוב.

די קינדער זיינען געזעסן אין אַ ווינקעלע, זיך נישט געשפּילט און געלאָזן צורו די ליאַלקעס.

דאָס פייגעלע אין שטייגל האָט נישט געהאַט קיין קערנער צו פּיקן, האָט עס נישט געזונגען, נישט געשפּרונגען.

דאָס הינטל, דאָס ווילדע לוסטיקע הינטל, איז געלעגן ביי דער מאַמעס בעט און נישט אָפּגעטראָטן.

די בלומען אויף די פענצטער האָבן אַראָפּגעלאָזט זייערע קעפּלעך. קיינער האָט נישט געטראַכט צו דערפרישן זיי מיט אַ טראָפּן וואַסער.

אַז די מאַמע איז געוואָרן נישט געזונט, איז דער זייגער אויף דער וואַנט געבליבן שטיין.

ס'איז געקומען דער דאָקטער און געזאָגט, אַז דער מאַמעס שוואַכקייט קומט פון צופיל אַרבעטן.

אַז די מאַמע איז געוואָרן נישט געזונט, האָט קיינער נישט געקאָנט פירן די שטוב, ווי ס'דאַרף צו זיין.

דער טאַטע האָט געמאַכט פייער, האָט אָבער דאָס פייער גע־רויכערט און די מילך איז אויסגעלאָפן.

דאָס קליינע ריוועלע האָט אָפּגעווישט דעם שטויב פון דער שאַפע און פון טיש, אויסגעקערט די צימערן. זי איז אָבער באַלד זייער מיד געוואָרן.

אין צוויי טעג אַרום, ווען די מאַמע איז געזונט געוואָרן און זי איז אַראָפּ פון בעט, איז ווידער ליכטיק געוואָרן אין אַלע ווינקעלעך.

# געפאַנגען

דער פרילינג איז געקומען,
דער שניי איז צעגאַנגען,
זיצט אין אַ שטייגל
אַ פויגל געפאַנגען.

עס קלינגט אויף די פעלדער
דעם שניטערס געזאַנגען,
זיצט אין אַ שטייגל
אַ פויגל געפאַנגען.

דער טאָג איז אַוועק,
די זון איז פאַרגאַנגען,
זיצט אין אַ שטייגל
אַ פויגל געפאַנגען.

די נאַכט איז געקומען,
די פענצטער פאַרהאַנגען,
זיצט אין אַ שטייגל
אַ פויגל געפאַנגען.

# גרינע אַרבעס

1.

אַ גאַנצן טאָג האָט דער טאַטע, די מאַמע און זייערע צוויי קינדער געקליבן אין פעלד גרינע אַרבעס.

די צוויי קינדער זיינען היינט ניט געגאַנגען אין סקול. דער טאַטע האָט געהייסן בלייבן אין דער היים, צו העלפן קלייבן די גרינע אַרבעס.

איצט איז פרילינג. די זון וואַרעמט אַ גאַנצן טאָג. דער טאַטע וועט מאָרגן אין שטאָט פאַרקויפן די גרינע אַרבעס און וועט ברענגען אַהיים מאַטאָנעס. פיליפ האָט ניט קיין נייע שיך. וועט אים דער טאַטע קויפן אַ פּאָר נייע שיך. און ביטין — איר וועט דער טאַטע ברענגען זומער-שיכעלעך.

אַלע זיינען אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, און אַרוים קלייבן די אַרבעס. די אַרבעס וואַקסן נידעריק ביי דער ערד און מען דאַרף קריכן אויף די קני. עס ווערן די קני פאַרלאָפן מיט בלאָטערס.

אַזוי אַ גאַנצן טאָג.

ביי די קינדער ברעכן שוין די פּלייצעס. די ליפּן זיינען צעטריקנט פון דער זון. די מאַמע איז אַריין אין שטוב עפּעס אָפּקאָכן.

דאָס ביסל קאַרטאָפל ציילט זי צו. אַכט קאַרטאָפל פאַר פיר מענטשן.

אָ, ווי אָרעם זיי זיינען!

## 2.

### דער טאַטע פֿירט די אָרבעס אין שטאָט

די גאַנצע פֿאַמיליע ליגט זיך שלאָפֿן פֿרי, דער טאַטע זאָל מאָרגן קאָנען פֿרי אויפֿשטיין. ער דאַרף דאָך פֿאָרן אין שטאָט.

ליגן די צוויי קינדער בײַנאַכט אין זייערע בעטן און קוקן אויף די שטערן אין הימל. דער טאַטע האָט מער אַרבעסלעך, וויפֿיל עס זיינען דאָ שטערן אין הימל, פֿרייען זיך די קינדער.

די קינדער זיינען ערשט איינגעשלאָפֿן. שוין האָבן זיי דערהערט, ווי דער טאַטע דרייט זיך אַרום.

די רעדער פֿון וואָגן סקריפּען, און דער טאַטע רעדט צום פֿערד:

גער אַפּ, טשאָב.

ווידער שלאָפֿן איין די קינדער.

אין דער פֿרי וועקט די מאַמע. די קינדער דאַרפֿן גיין אין סקול. די סקול איז אַ האַלבער מייל פֿון דאַנען.

דריי אַזייגער גייט מען אַהיים פֿון סקול.

פֿיליפּ מיט ביטין גייען אַהיים. די מאַמע איז אין פֿעלד. כאַפּן די קינדער שטיקלעך ברויט און לויפֿן אין פֿעלד צו דער מאַמען.

די קינדער העלפֿן דער מאַמען אַרויסרייסן ווילדע גראָזן פֿון דער קוקורוזע.

שאַ, אָט פֿאָרט שוין דער טאַטע צוריק פֿון שטאָט.

## .3

### דער טאַטע ברענגט ניט קיין שיך

לויפן די קינדער אַנטקעגן דעם טאַטן. די מאַמע הויבט זיך אויך אויף פון דער ערד. זי קאָן זיך קוים אויסגלייכן. זי לויפט און הינקט, לויפט און הינקט. פון ליגן אויף די קני טוען איר וויי די פיס.

דער טאַטע פאַרפאָרט צו דער שטוב.

— טשאָב! — שרייט ער בייז אויפן פערד.

די מאַמע וואַרפט אַ בליק אויפן פולן וואָגן מיט די אַרבעס.

— איך האָב געבראַכט צוריק די אַרבעס. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל ברענגען אין שטאָט גרינע אַרבעס אַזוי פרי, וועט מען זיי ביי מיר אויסכאַפּן. צום סאָף האָבן זיי מיר געגעבן אַ פּרייז, אַז איך שעם זיך דיר אויסצוזאָגן.

די מאַמע האָט פאַרבראָכן מיט די הענט. אַזויפיל האָפענונג געלייגט אויף די גרינע אַרבעס.

דער טאַטע האָט מיט כּעס איבערגעקערט דעם וואָגן.

די גרינע אַרבעס האָבן זיך צעשאָטן אויף דער ערד.

— מעשוגענער, וואָס טוסטו? — איז די מאַמע צו־געלאָפן צום טאַטן.

— זאָל עס דאָ פאַרפוילט ווערן!

די צוויי קינדער זיינען געשטאַנען און געקוקט אויף די צעשאָטענע אַרבעס. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער טאַטע האָט צוריק געבראַכט די אַרבעס; פאַרוואָס ער האָט זיי אויסגעשאָטן אויף דער ערד. אַרבעס איז דאָך געשמאַק; און די קינדער דאַרפן האָבן שיך און קליידער...



# דער האָן

ער איז ניט גלאַט אַזוי אַ האָן. אַז איר גייט פאַרביי, מוזט איר אים דערזען. און ניט דערפאַר, ווייל ער איז אַ ווייסער מיט אַ הויכן רויטן קאַם. ניין! ער גייט אַרום אַזוי שטאָלץ, ווי די גאַנצע פאַרם וואָלט געווען זיינע. די הינער, אי גרויסע, אי קליינע ציטערן פאַר אים. ער דאַרף נאָר אַ קוק טאָן.

אַפילע די קינדער האָבן מוירע פאַר אים. ס׳האָט שוין געטראָפן, אַז דער האָן האָט אַ פּיק געטאָן אַ קינד.

עס זיינען פאַראַן נאָך הענער אויף דער פאַרם, נאָר ווער קוקט זיך אום אויף זיי!

אַז דער פאַרמער גיט עסן, לויפן אים נאָך אַלע הענער און הינער. דער האָן גייט פּאַמעלעך. ווי ער וואָלט פריער געוואוסט, אַז פאַר אים וועט אַלעמאָל בלייבן אָרט . . .

ס׳מאַכט זיך אַמאָל, ער זעט ווי די הינער לויפן, הויבט ער אויך אָן לויפן. ער כאַפּט זיך אָבער גלייך, בלייבט שטיין און נעמט גיין פּאַמעלעך.

ווען די הינער באַמערקן, אַז ער קומט, טרעטן זיי גלייך אָפּ אין אַ זייט. ער נעמט פּיקן די קערנער, קוקט זיך אַרום און גייט אויף אַ ווייל אַוועק אין אַ זייט. דעמאָלט גיבן זיך אַלע הינער אַ יאָג נאָכן עסן.

ער שטייט, קוקט און האָט, דאַכט זיך, האַנאָע, ווי דאָס עסן וואָלט געווען זיינס.

מיטאַמאָל גיט ער אַ הייב זיינע גרויסע פליגל, טוט אַ קריי און שטעלט זיך ווידער עסן. די הינער רוקן זיך אָפּ, ווי איינער זאָגט:

— עס, אַבי טשעפּע אונדז ניט.

אויף דער פאַרם זיינען אויך פאַראַן דריי קעצלעך און אַ בייזע גרויע קאַץ. אָבער אַלע האָבן זיי מוירע פאַרן גרויסן ווייסן האָן.

טרעפט זיך אַמאָל, אַז די קעץ נעמען פּירקען מיט די נעז, שטעלן אויף די רוקנס און גרייטן זיך שלאָגן מיטן האָן. געהערט אַ מייסע, גאָר מוירע האָבן פאַר אַ האָן!

דער האָן שטייט, דאַכט זיך, רואיק. נאָר ווען ער דערזעט מיט זיינע קליינינקע אייגעלעך, אַז עס האַלט שמאָל, גיט ער אַזאַ שטאַרקן קריי, אַז די קעץ אַנטלויפן.

אַפילו פאַר גרויסע מענטשן טרעט ער ניט אָפּ דעם וועג.

פאַר קיינעם האָט ער קיין מוירע ניט. אַזאַ איז ער, דער גרויסער ווייסער האָן, מיט דעם הויכן, שטאָלצן, רויטן קאַם.

# דער הונט דענדי

ווען דאָס וועטער איז שיין, שיפּל איך זיך אויף דעם טייכל. דענדי שטייט ביים ברעג. און ווען איך בין שוין ווייטלעך אין וואַסער, גיט ער אַ שפּרונג אַריין און שווימט לעבן מיין שיפל. ווען ער קומט אַרויס פון וואַסער, איז זיין פעל ווי זייד.

איך האָב ליב שלאָגן זיך מיט אים אויף שפּאַס. שלאָגט ער מיך צוריק מיט איין פאָדערשטער לאַפּע און איך לאַך און לאַך.

אויפן שפּאַציר האָט ער ליב, איך זאָל וואַרפן פאָרויס מיין שטעקן. ער יאָגט זיך נאָך אים און כאַפּט דעם שטעקן צווישן די ציין.

און אַ נאַטור האָט ער, אַז ער גיט מיר ניט צוריק דעם שטעקן, ווען איך וויל, נאָר ווען אים ווילט זיך. און אויך נישט אין דער האַנט אַריין, נאָר ער לייגט אים אַוועק, וואו אים ווילט זיך.

ער האָט זייער ליב קינדער. ווען איך גיי אַמאָל צום יידישן פאַרמער, וואָס וואוינט היפּשלעך ווייט פון מיר, פאַרשפּילט זיך דענדי אַזוי מיט דעם פאַרמערס צוויי מיידלעך, אַז איך קאָן אים פון זיי נישט אָפּרייסן. כ׳גיי אַהיים אַליין, אָן דענדין.

דערפאַר קומט דענדי שפּעטער אַהיים אַ שולדיקער. ער קוקט מיר גלייך אין די אויגן אַריין און וואַרט אויף אַ שטראָף.

איך קוק אַריין אין דענדיס געטרייע אויגן און טראַכט, אַז דענדי איז דאָך ווי אַ קינד, וואָס דאַרף זיך שפּילן.

נעם איך אַרום זיין קאָפּ און דריק אים צו זיך. דענדי פילט זיך דעמאָלט אַזוי גוט. ער לעקט מיין האַנט און בורטשעט צופרידן. ער קוקט מיר אין די אויגן מיט ליבשאַפט און דאַנקבאַרשאַפט.

# דזשימי

## דזשימי ליגט אין בעט

אַ יונגע, פרישע זון האָט זיך דורכגעריסן דורך דעם קעלער־פענצטער און זיך צעלאַכט גלייך דזשימין אין פּאָנעם אַריין.

— היינט איז גראַדואיר־טאָג! — איז אים דורכגעלאָפן אין קאָפּ.

ער איז געוואָרן פריילעך. אים האָט זיך געוואָלט אַראָפּ פון בעט און זיך צעזינגען. היינט איז דער לעצטער טאָג אין פּאָבליק סקול! פון היינט אָן הויבט ער אָן ווערן אַ גרויסער!

אין קעלער איז שטיל. האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז עס מוז נאָך זיין פרי און די מאַמע שלאָפט נאָך. איז ער אַזוי געלעגן און געטראַכט, ווי גוט עס איז צו זיין אַ גרויסער. ער וועט געפינען אַרבעט, העלפן דער מאַמען.

— אוי, איך דאַרף אָפּקערן די שטיגן! — האָט ער זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן. עפּשער איז שוין שפּעט און די מאַמע טוט עס שוין?

— מאַמע, מאַמע! — האָט ער אַ רוף געטאָן. קיינער ענטפערט נישט. ווייזט אויס, די מאַמע אַרבעט שוין אַרום הויז.

## דזשימי רעדט מיט דער מאַמען

דזשימי האָט זיך גענומען אָנטאָן. ער האָט נישט געוואָלט, אַז זיין מאַמע זאָל טאָן זיין אַרבעט אויך. אַלעמאָל פאַר סקול פאַרקערט ער פאַר דער מאַמען די שטיגן און דעם טראָטואַר.

— וואָס איילסטו זיך, דזשימי? — האָט ער דערהערט דער מאַמעס קאָל.

— אָ, מאַמע, איך דאַרף דאָך אָפּקערן די שטיגן.

— נישקאָשע, איך האָב עס שוין אַליין געטאָן.

— צו וואָס? ווייסט דאָך, אַז איך טו עס? האָסט ווייניק אַרבעט?

— היינט איז דיין לעצטער טאָג סקול, וויל איך, זאָלסט האָבן אַ יאָנטעוו.

— מאַמע, דו ביסט גוט, ווי גאָלד! ווייסט, אין גיכן גיי איך אַרבעטן. לאָך ניט, מאַמע, וועסט זען, איך וועל פאַרדינען אַ סאַך געלט.

די מאַמע האָט אַ זיפץ געטאָן:

— מיר, שוואַרצע, קאָנען ווייניק גוטס האָבן.

— פאַרוואָס איז דאָס אַזוי, מאַמע? מיט וואָס בין איך ערגער פון די ווייסע קינדער? איך האָב זיך געלערנט ניט ערגער פון זיי. איך בין אַזוי קלוג און אַזוי שטאַרק ווי זיי. מאַמע, דו וועסט שוין זען, עס וועט זיין גוט! און היינט דאַרפסטו גיין מיט מיר אין סקול צום קאָנצערט. אַלע מאַמעס דאַרפן קומען, האָט די לערערין געזאָגט.

— ניין, קינד, איך וועל ניט גיין. די ווייסע כעוורע וועלן נאָך לאַכן.

— זאָלן זיי נאָר וואַגן! — האָט זיך דזשימי אָנגעצונדן פון קאַס.

— נו, גוט, מירן זען שפּעטער. איצט שטיי אויף.

## אַ נייער אָנצוג מיט נייע שיך

זי איז אַוועק צוגרייטן עפּעס עסן. דזשימי האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעטאָן. ער האָט באַטראַכט זיינע אַלטע פאַרלאַטעטע הויזן, די צעקרימטע שיך. וואָס זאָל מען טאָן, אַז די מאַמע קאָן ניט קויפן קיין נייע? ער האָט זיך אָבער געטרייסט, וואָס אַ העמד האָט ער אַ ניים.

— מאַמע, וואו איז מיין ניי העמד?

— אויפן שטול.

ער האָט אויפגעהויבן דאָס העמד און געבליבן שטיין פאַרוואונדערט.

— מאַמע, וועמענס ווייסער אָנצוג הענגט דאָס אויפן שטול? האָסט אויסגעוואַשן פאַר עמעצן?

— ניט קיין געוואַשענער, דאָס איז אַ נייער — ענטפערט די מאַמע.

— אָבער פאַר וועמען איז דאָס? און די נייע לייוונטענע שיך פאַר וועמען?

— דאָס איז אַלץ פאַר דיר — ענטפערט די מאַמע מיט אַ גליקלעכן שמייכל.

— פאַר מיר? וואו האָסטו גענומען געלט?

— וואָס אַרט דיך? איך האָב געשפּאָרט. איך האָב געוואָלט, זאָלסט אויסזען היינט ווי אַנדערע קינדער.

דזשימי האָט אַרומגענומען די מאַמען, איר אַ קוש געטאָן און גענומען טאַנצן מיט איר.

— לאָז אָפּ, מעשוגענער!
— מאַמע, ווערסט זען, איך וועל דיר אָפּדאַנקען.

## שלעכטע קינדער

ער האָט אָפּגעגעסן און איז אַרויס אין גאַס. ס'איז נאָך געווען פרי, איז ער אַוועק צום טייך. גייט ער אַזוי מיט די הענט אין די קעשענעס און פייפט.

— היי, ניגער, וואָס האָסטו זיך אַזוי אויסגעפּוצט? — דערהערט ער הינטער זיך.

ער האָט זיך אומגעקוקט. אויף אַ באַנק, ניט ווייט פון וואַסער, זיינען געזעסן פינף יינגלעך, אַ ביסל עלטער פון אים, און האָבן מיט שפּאָט געקוקט אויף אים.

— וואו האָסטו גענומען דעם נייעם אָנצוג? געגאַנווועט? — האָט געזאָגט אַ צווייטער פון דער כעוורע.

— היי, ניגער, נאַ דיר אַ שטיקל זייף און וואַש זיך אָפּ! — שרייט אַ דריטער.

אין דזשימין האָט דאָס בלוט אַ קאָך געטאָן. אָבער ער האַלט זיך איין.

— האַלט דאָס מויל! ווער טשעפּעט אייך? — האָט ער רואיק געענטפערט.

— היי, ניגער, ווער איז דיין טאַטע געווען? אַוואַדע אַזאַ הונט ווי דו! — האָט איינער געזאָגט און די איבעריקע האָבן זיך צעלאַכט.

— איר זייט אַליין הינט! מיין טאַטע איז געווען אַ גוטער, ערלעכער מאַן! — האָט ער געזאָגט מיט קאַס און זיך אַ לאָז געטאָן צו זיי.

— כאַ, כאַ! אַן ערלעכער מאַן! — די יינגלעך זיינען איצט געשטאַנען אויף די פיס און געזוכט אַן אויסרייד פאַר אַ געשלעג.

— זאָג דעם עמעס, ווער האָט געגאַנווועט דעם אָנצוג, דו צי דיין מאַמע?

— מיין מאַמע איז אַ גאַנעוו? ווי וואַגסטו דאָס צו זאָגן?! — דזשימי האָט אָנגעכאַפּט דעם יינגל.

— דער ניגער וויל זיך שלאָגן — האָבן אַלע פינף זיך צעלאַכט.

דזשימי האָט זיך נישט געקאָנט מער איינהאַלטן:

— ווער פון אייך עס וויל זיך שלאָגן — זאָל אהער קומען ! — ער איז געווען גרייט זיך צו ווערן קעגן די סאָנים.

— כעוורע, לאָמיר דעם ניגער אריינוואַרפן אין וואַסער ! — האָט מיטאַמאָל אויסגעשריען איינער פון די יינגלעך.

— אין וואַסער ! אין וואַסער ! — האָבן אַלע געשריען.

פינף פאַר הענט האָבן אַ כאַפּ געטאָן דזשימין און מיטן גאַנצן קויעך אַריינגעוואָרפן אין וואַסער.

## אַ גוטער כאַווער

— וואָס האָט איר געטאָן ? !

די יינגלעך האָבן זיך דערשראָקן. פאַר זיי איז געשטאַנען אַ יינגל פון זייער עלטער. ער איז געווען בלאַס פאַר אויפרעגונג.

— הינט ! — האָט ער אַ געשריי געטאָן און איז צוגעלאָפן צום ברעג ראַטעווען דזשימין.

דאָס וואַסער איז געווען ניט טיף. דזשימי איז מיט דער הילף פון דעם נייעם יינגל אַרויס פון וואַסער.

די יינגלעך זיינען זיך צעלאָפן ווי מייז. נאָר דער נייער איז געבליבן.

— נעם זיך נישט צום האַרצן, עס וועט זיך באַלד אויסטריקענען. און דו האָסט זיך בראַוו געשלאָגן. איינער קעגן פינף.

דזשימי ענטפערט נישט. זיין האַרץ איז פאַרביטערט. אָבער שטאָלץ האַלט ער איין די טרערן.

— דו קענסט מיך דאָך, דזשימי. איך וואוין דאָס צווייטע הויז פון דיר. הערי ראָזנבערג, געדענקסט ? גיב מיר דיין האַנט.

דזשימי האָט פון אונטער זיין שטערן אַ קוק געטאָן אין הערים אויגן און דערפילט, אַז אים, הערין, דאַרף מען געטרויען.

# די קאַץ



די גרויע קאַץ זיצט אויפֿן אויוון און וואַשט זיך. סאָסל זאָגט: אַז די קאַץ וואַשט זיך, איז אַ סימען אַז ס'קומט אַ גאַסט. פֿאַרשטיי איך ניט, פֿון וואַנען ווייסט די קאַץ, אַז ס'וועט קומען אַ גאַסט?

איך גיי צו צו דער קאַץ און הייב זיך אָן מיט איר שפּילן. פֿריער פּרואוו איך אָנטרעטן איר מיטן פֿינגער אויף דער לאַפּקע — וויל זי נישט. נאָכדעם לערן איך זי שטיין אויף די הינטערשטע לאַפּקעס — וויל זי אויך נישט.

— שטיי! — זאָג איך צו איר און שענק איר אַלעמאָל אַ שנעל אין נעזל אַריין. פֿאַרמאַכט זי די אויגן און דרייט אויס דאָס קעפּל, שטעלט אַרויס דאָס צינגל און מאַכט אַ מאָדנע פּנעמל, ווי איינער רעדט:

— וואָס האָט זיך צוגעטשעפּעט צו מיר דאָס דאָזיקע באָכערל? וואָס וויל ער האָבן פֿון מיין לעבן?

מיך פֿאַרדריסט די מייסע: אַ קאַץ זאָל זיין אַזאַ אַקשנטע! איך מאַטער זיך מיט איר אַזוי לאַנג, ביז זי דערלאַנגט מיר אַ קרעל מיט אירע שאַרפֿע נעגל איבער דער האַנט. איך לאָז אַרויס אַ מוירעדיקן קוויטש:

— אוי, מאַ-מע!

קומט צו לויפֿן די מאַמע מיט סאָסלען מיט אַ געפּילדער, און איך באַקום אַ רעכטן פּסאַק פֿון זיי ביידע, איך זאָל דאָס אַנדערע מאָל וויסן, ווי אַזוי זיך צו שפּילן מיט קעץ. (סאַכאַקל איין קאַץ — הייסט בײַ זיי „קעץ"!)

# דער קעניג, וואָס האָט אין מיטן זומער געוואָלט זיך שליטלען

אַמאָל איז געווען אַ קעניג, איז ער געווען זייער רייך. וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער געמוזט קריגן גלייך.

איין מאָל, אין אַ הייסן זומער־טאָג, פאַרגלוסט זיך אים אַ שליטל טאָן זיך אין אַ שליטן.

האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל:

— באַלד זאָל ווייס ווערן דאָס לאַנד און שניי זאָל נעמען פאַלן!

האָבן דעם קעניגס זיבעציק כאַכאָמים זיך אָוועקגעזעצט טראַכטן.

זיצן די אַלטע כאַכאָמים,
מיט די לאַנגע שפּיציקע בערד,
אַריינגעשטאָכן טיף אין דער ערד,
טראַכטן אַרום די וועלט
פון מיזרעך ביז מײַרעוו,
פון דאַרעם ביז צאָפן.
די זון גייט אויף,
די זון פאַרגייט.
זיצן די זיבעציק כאַכאָמים און טראַכטן
אַהין און צוריק,
אַרום און אַרום
און קאָנען גאָרנישט אויסטראַכטן.

ס'איז שוין געווען דער זיבעטער פאַרנאַכט, און די זיבעציק כאַכאָמים האָבן זיך נאָך צו גאָרנישט דערטראַכט.

איז דאָס גאַנצע לאַנד אין טרויער. ווי וועלן זיי קאָנען ווייזן זיך פאַר מענטשן, אַז זייער קעניג קאָן זיך נישט אַ שליטל טאָן אין מיטן זומער?

איז געווען אין לאַנד אַ יינגל אַ ברען. ס'איז ניט געווען אַ קונץ אויף דער וועלט וואָס מ'זאָל אים ווייזן און ער זאָל ניט אַ שפּרונג טאָן—

# איך קען!

איז ער אַוועק צו די זיבעציק כאַכאָמים און פאָרגעלייגט זײַן פלאַן:

פאַרטאָג זאָלן אַלע מענטשן פון לאַנד אַרויף אויף זייערע דעכער מיט זייערע קישנס, איבערבעטן. און ווי נאָר דער קעניג וועט עפענען די אויגן, זאָל איינער פון זײַנע מיניסטאָרן געבן אַ סיגנאַל, און אַלע ווי איינער זאָלן מיטאַמאָל נעמען רייסן דאָס בעטגעוואַנט און עס זאָל אָנהויבן שנייען.

איז די זיבעציק כאַכאָמים געפעלן געוואָרן זײַן פלאַן.

באַלד איז אַרוים אַ באַפעל, אַז פאַרטאָג זאָלן אַלע זײַן מיט זייער בעטגעוואַנט אויף די דעכער.

פאַרטאָג, ווי נאָר דער קעניג האָט געעפנט זײַנע אויגן (צוליב די גרויסע היצן האָט ער שפעט נישט געקאָנט שלאָפן) האָט דער עלטסטער פון די מיניסטאָרן געגעבן אַ סיגנאַל און באַלד האָבן פעדערן גענומען פליען, און ס'האָט זיך אויסגעלייגט אַ ווייסער שליטוועג.

האָט מען אַרויסגעפירט דעם זילבערנעם שליטן און אײַנגעשפאַנט פיר פערד.

דער קעניג האָט אָנגעטאָן זײַן האָריקן פוטער מיטן האָריקן היטל. די גלעקלעך האָבן זיך צעקלונגען און דער קעניג האָט זיך אַ לאָז געטאָן שליטלען.

די פעדערן זײַנען באַפאַלן זײַן האָריקן פוטער מיטן האָריקן היטל. אַזוי ווי ס'איז געווען אַ הייסער טאָג און דער קעניג האָט זיך באַגאָסן מיט שוויים, האָבן אַ סאַך פעדערן באַזעצט זיך אויף זײַן פאָנעם און זײַנע הענט.

אַז דער קעניג האָט זיך שוין גענוג אָנגעשליטלט, האָט ער געהייסן פאָרן צוריק צום פאַלאַץ. איינער פון די מיניסטאָרן האָט אים אײַנגערוימט אין אויער, אַז מ'דאַרף אַרוים אויפן באַלקאָן, פאַרנייגן זיך פאַרן פאָלק.

אַז דער קעניג האָט זיך באַוויזן אויפן באַלקאָן, באַשטעקט מיט פעדערן פון קאָפ ביז די פיס, האָט דאָס פאָלק גענומען לאַכן און לאַכן, און לאַכן, און לאַכט נאָך עפשער ביז איצט.

# אינהאַלט